


פֶּרֶץ הִירְשְׁבֵּיין.



# אויף יֶענֶער זייט טייך.

אַ דְרַאמָע אִין דְרַיי בִּילְדֶער

# קְבָרִים־בְּלוּמֶען.

אַ דראמאטישער עטיוד.




פערלאג „די וועלט" ווילנא.

דרוק פון י. פיראזשניקאוו.

1908.

Hirschbein
Auf jener Seit teich [etc]

פּרץ הירשביין.

# אויף יענער זייט טייך.

אַ דראַמע אין דריי בילדער

# קברים-בלומען.

אַ דראַמאַטישער עטיוד.



פערלאג „די וועלט“ ווילנא.
1908.

ПО ТУ СТОРОНУ РѢКИ.—НАДГРОБНЫЕ ЦВѢТЫ.
П. Гиршбейна.

# אויף יענער וועלט טייך.

אַ דראַמע אין דריי אַקטען.

---

## די פערזאנען:

מנשה, אַנ'אַלטער פּאַראַמשטשיק. בלינד.

יאַכנע, זיין פרוי.

מירל, זייער אייניקעל.

אַנ'אונבעקאַנטער.

מענשען.









ВИЛЬНА.
Типографія I. И. Пирожникова. Завальная № 24.
1907.

## ערשטעס בילד.

אַ הילצערן שטיבעל בײַם ברעג טײַך, װעלכעס בעשטעהט פֿון אַ לאַנג־ליכען צימער און פֿון אַ קלײנעם הױף לינקס. אַ גרױסער באַק־אײװען מיט אַ הרובע גלײַך בײַם אַרײַנקומען. דאָס מעבעל בעשטעהט פֿון אַ טיש מיט אַ פּאָר בענקלעך ניט קײן געפּאָרבענע, אַ פּאָר טאַפּטשאַנעס א. ד. גל. — אַרום האַלבע נאַכט. עס לאָזט זיך הערען אַ געריוש פֿון װאַסער, דאָס קנאַקען פֿון די קריעס אײז, װעלכע שלאָגען זיך צוזאַמען. דער װינד רײַסט די פֿענסטער. אַ געל חלבּ'נעס ליכטעל ברענט און קנאַקט אױפ'ן קאַפּטער איבער דער הרובע.

מנשה (זיצט אַלײן בײַם אױװען. נאָך אַ לאַנגען שטיל־שװײַגען). װי לאַנג און שװער עס דױערט ביז דער זימער פֿאַרנעהמט זײַן אָרט! (װי ער װאָלט זיך צו װאָס צוהערען). דער װינד פּײַפֿט זיך אַלץ זײַניגעס... אַלץ זײַניגעס... מירל, דו שלאָפֿסט?

מירל (איהר שטימע הערט זיך פֿון הדר'ל). אין איך האָב געמײנט זײדע, אַז דו שלאָפֿסט שױן — װאָס טהוסטו?

מנשה. װאָס כ'זעה ניט, װיל איך דערהערען. ס'פּלאַצט דאָס אײַז, קריעס טראָגען, יאָגען זיך אײנע נאָך דער אַנדערער... נאָר אין אַזאַ צײַט פֿלעג איך ליעב האָבען פֿאָהרען אין שיפֿעל צום אַנדערען ברעג. װאו פֿראָם װען פֿראָם, די קריע לױפֿט װי נאָך אַ נפֿש, אָבער פֿלינקער פֿון איהר בין איך געװען. איך האָב איהר װעג שטענדיג פֿערשטאַנען, זי מײַנעס קײן מאָל נישט. די גאַנצע קונץ בעשטעהט אין אױסמײַדען: מען דאַרף כאַפּען מיט'ן אױג, װען צו קערעװען רעכטס און װען לינקס... זאָג מיר, מירל, עס ברענט װאָס אין שטוב?

מירל. אױפ'ן קאַפּטער אַ ליכט.

מנשה. עפּיס טונקעלער װי שטענדיג זעהט מיר הײַנט אַלץ אױס דורך מײַנע אױסגעלאָשענע אױגען. װי מיט שװאַרצע פּעך װאָלט אַלץ אױסגעפּלאַסטערט געװען (גלעט זײַן באָרד). אַפֿילו מײַן גרױע װײַסע באָרד זעהט אױך אױס שװאַרץ, װי אין דער יוגענד... אַך יוגענד... יוגענד...

מירל. הערסט, זײדע, װי דער טײַך קעהרט די װעלט? ס'כאַפּט אַ שרעק! װאָס װאָלט זײַן, זײדע, װען דער פּראָם װאָלט איצטער אױף איהם געװען?

מנשה. װי װאָלט ער געװען, מײַן קינד?

מירל. אַז מען האַלט איהם אין השון ניט אַראָבנעמען פֿון טייך.

מנשה. וואָלטען איהם די קריעס אייז אויף שפּענער צושלאָגען... די קריע אייז איז, אפשר, ניט אַזוי שטאַרק, אָבער אַז דער גאַנצער טייך טראָגט זי. וואַסער איז ניט קיין קלייניגקייט (טראַכט אַ ווײַלע). דאָס איז ניט פֿאַר דײַן געדיינקען געווען. אונטער'ן בערגעל דאָרט, וואו עס ציהט זיך דער ליימענער פּלאַץ, זענען אַמאָל דרײַ הײַזער געשטאַנען — איינס האָט צום פּריץ געהערט... און אַז דער טייך האָט זיך צושפּילט, האָט ער זיי אַלע מיט זיך פֿערטראָגען... אין יענעם יאָהר טאַקי איז עס דער צדיק דורכגעפֿאָהרען. זײַן אויג האָט אַלץ געזעהן; זײַן מח האָט אַלץ פֿערשטאַנען... קיין זאַך איז פֿון איהם נישט געווען פֿערבאָרגען...

מירל. איך געה אַרויס, זיידע, צו דיר.

מנשה. שלאָף בעסער, מײַן קינד.

מירל. איך קאָן ניט שלאָפֿען, די פֿענסטער קומען אַרויס צום טייך. עס רוישט און רײַסט — הערסט דאָך ווי עס פֿײַפֿט, רײַסט דאָס דאַך.

מנשה. אַלץ האָט זײַן אויג בעמערקט. „מיט יענע הײַזער איז גאָר ניט פֿרעהליך", האָט ער צו זײַן גבאי געזאָגט, ווען ער האָט אויף די דרײַ הײַזער אַנ'אויג געוואָרפֿען. „איינע — זאָגט ער — איז דער פֿונדאַמענט נידריגער פֿון אַלע געבויט און דאָס דאַך שטאַרצט אַרויס העכער פֿון אַלע"... דאָס איז דעם פּריץ'ס הויז געווען...

מירל. ס'האָט אַמאָל געטראָפֿען, זיידע, אַז דאָס וואַסער זאָל אַ פֿראָם פֿערטראָגען?

מנשה. מען דערלאָזט נישט, מײַן קינד; עס וואָלט גרײַליך געטראָפֿען — נאָר מען דערלאָזט ניט. — נאָר צו וואָס צונעהמט מען איהם, ווען דער טייך הויבט זיך אָן שטעלען? עס האָט אַמאָל יאָ געטראָפֿען, אָבער ס'איז אין מיטען זומער געווען.

מירל (לויפֿט אַרײַן. אײַנגעוויקעלט אין אַ טוך. די האָר צולאָזען). אָט זעץ איך מיר, זיידע, נעבען דיר. שלאָפֿען וויל איך סײַ ווי ניט (טוליעט זיך צום אַלטען). דערצעהל, דערצעהל, ווי איז דאָס געווען, בעת דאָס וואַסער האָט דעם פֿראָם געטראָגען?

מנשה. אין מיטען זומער איז עס געווען. דעם גאַנצען זומער האָט געמבול'ט — אַ הונגער איז טאַקי אין יענעם יאָהר געווען — אַלץ איז צופֿוילט, צושימעלט געוואָרען. און ווען כ'האָ=



בען די רעגענס דערגרייכט גאָר ווײַט, האָט דער טייך זיך צושפּילט און האָט מיט זיך דעם פֿראָם פֿערכאַפּט... יאָ, איך געדיינק עס נאָך ווי הײַנט...

מירל. עס איז, מסתמא, שעהן געווען צו זעהן, ווי דאָס וואַסער האָט איהם געטראָגען?

מנשה. ניין, מײַן קינד, אַזוינע זאַכען זענען גאָר ניט שעהן. פֿון וואַסער זאָל שוין גאָט אַליין אויסהיטען (הערט זיך צו. טאַפּט אַרום זיך). ס'פֿײַפֿט, ס'פֿײַפֿט... וואו ביזטו מײַן קינד? זעץ זיך נאָהענטער צו מיר!

מירל. ס'איז דיר קאַלט, זיידע?

מנשה. ניין, מײַן קינד (גלעט זי)... ווען דו ביזט געבאָרען געוואָרען האָט מיר שוין די ליכטיגע שײַן געפֿעהלט; נאָר דײַן שאָטען האָב איך בעמערקט, מײַן ליעב קינד. פֿון אַ פּוצעל ביזטו שוין, מיט גאָט'ס חסד, אַ גרויסע אויסגעוואַקסען — און מײַן אויג זעהט דיך נישט. ביזט געראָטען אין די מאַמע דײַנע, דײַן מאַמע'ס פּנים געדיינק איך נאָך: שען איז זי געווען אין דער יוגענד, ווי די ליכטיגע זון; גוט איז זי געווען — גאָר קיין גלײַכען... (שווייגט אַ ווײַלע). אָט אַזוי האָפֿט אַ מענש דאָס גאַנצע לעבען זײַנס אויף אַ שטיקעלע גליק, נאָר אַז דאָס גליק קומט יאָ, איז שוין דער מענש ניטאָ... וואָס האָט דײַן מאַמע נישט געטהאָן, אַז דער בורא ברוך הוא זאָל זי בענטשען? צדקות איז צדקות; גמילות חסדים, קמעות און ברכות פֿון גוטע יודען (טאַפּט מירל'ען אויפֿ'ן האַרצען).

מירל. וואָס טאַפּסטו, זיידע?

מנשה. איך טאַפּ, צו די קמיע איז נאָנט אויפֿ'ן האַרצען דײַנעם.

מירל (שלעפּט אַרויס פֿון בוזעם אַ קמיע צוגעבונדען צו אַ בענדעל). אָט איז זי, זיידע, צום בענדעל צוגעקניפּט... זאָג מיר, זיידע, וואָס איז דאָרט אַזוינס אינווייניג?

מנשה. זאָלסט עס היטען, מײַן קינד, ווי דעם שוואַרצאַפּעל פֿון דײַן אויג (טאַפּט די קמיע). דאָרט איז דײַן גליק בעגראָבען. דאָס איז די שמירה, וואָס וועט דיך פֿון אַל-דאָס בייז בעהיטען... דײַן מאַמע איז נישט ווערט געווען בײַ גאָט צו זעהן מיט אירע אויגען איהר בענעדר, האָט זי דער טויט פֿערנומען גלײַך ווי דו ביזט אויף די וועלט געקומען. אירע אויגען האָבען דיך שוין ניט געזעהן, פֿערמאַכט האָט זיי דער טויט... נאָר איהר האַרץ האָט דאָס גליק געשפּירט: מיט אַ שמייכעל אויף

אידר פנים האט מען זי אין קבר געלעגט (טראַכט אַ ווײַלע). אידר הארץ האט אוודאי דאס גליק געשפירט: די קמיע פון דעם אײַנגענעם צדיק איז אויף אידר הארץ געהאַנגען און דעם צדיק'ס ווערטער זענען געווים געווען אין אידר הארצען בעגראָבען...

מירל (קינדעריש). האט מיך די מאמע גאָר ניט געזעהן?

מנשה. ניין, מײַן קינד, די אויגען אידרע זענען שוין געשלאָסען געווען.

מירל. צוליעב מיר איז זי געשטאָרבען?

מנשה. צוליעב דיר, מײַן קינד; די ביזט אידר גליק געווען און אידר אויג האט דיך שוין מעהר נישט אָנגעזעהן.

(שטיל אַ ווײַלע).

מירל (פערטראַכט). צוליעב מיר איז זי געשטאָרבען?

מנשה. פאַר פסח איז עס געווען. דער טײַך האט ווי היינט גערוישט און געליאַרעמט. דאס וואַסער איז שוואַרץ געווען און מיט אַ ווײַסען שוים בעדעקט. פון יענעם בוימעל, וואָס שטעהט אויף יענער זײַט טײַך אַנטקעגען דעם בריקעל, האט זיך קוים דער שפּיץ אַרויסגעזעהן. עס האט זיך, מסתמא, פאַר דער צײַט אויפגעהויבען. פון מינוט צו מינוט איז דאס וואַסער געשטיגען און פון מינוט צו מינוט איז אין אונזער שטוב דאס גליק געוואַקסען: דײַן מאמע האט געוואָלט אויף אידר האַנד אַ קינד טראָגען; דײַן טאַטע האט געזוכט אַ טרייסט נאָך זײַן שווערער אַרבײַט — און איך האָב געוואָלט פון אײַך אַלעמען נחת האָבען... שטאַרקער און שטאַרקער איז געוואָרען דאס וואַסער, און אַז דאס בוימעל האט זיך שוין אין גאַנצען בעהאַלטען, ווי אַ שרעקליכער ים האט די גאַנצע געגענד אויסגעזעהן, איז בײַ אונז די שמחה אין שטוב גרויס געוואָרען... דײַן מאמע איז צו קינד געגאַנגען. מיט דיר, מײַן קינד... (טראַכט אַ ווײַלע). דאס איז שוין די לעצטע שמחה געווען... אָט ווי איצטער האט דעמאָלט אויך דער ווינד געפײַפט... דאס אײַז האט געפּלאַצט און געפּלאַצט... און אַז דאס וואַסער האט אָנגעהויבען אָבפאַלען — האט זיך שוין דאס אונגליק געריקט צו אונז דורך פענסטער און טהיר... פינף טעג האט עס געדויערט — פינף מורא'דיגע טעג. שמחה אויסגעמישט מיט טויטשרעק... אונזערע הערצער האָבען געקלאַפּט פון שרעק און פון הדוה... און אַז דאס וואַסער איז אין גאַנצען אָבגעפאַלען, און שוואַרץ ווי שטענדיג אין די ברעגעס זיך בעהאַלטען — האט זיך דער בייזער צאָרן אויף דײַן מאמען אויסגעגאָסען...



מירל (קינדעריש צושראָקען). הערסט, זיידע, ווי דער טײַך שומעוועט ווידער... פונקט ווי די דערצעהלסט... דאס וואַסער איז אַזוי גרויס! איך האָב נאָך בײַ טאָג געזעהן, אַז דער בוים נעבען בריקעל האט זיך שוין געטונקט אין וואַסער...

מנשה. אַלץ האט דאס וואַסער פערטראָגען... אַלץ מיט זיך פערנומען! בײַ דיר — דײַן טאַטען, דײַן מאַמען; בײַ מיר — די שײַן פון מײַנע אויגען (שווײַגט אַ ווײַלע). האסטו געזעהן, מײַן קינד, אַז דאס וואַסער האט זיך שוין ביז'ן בוימעל פערנומען?

מירל. געוויס; כ'האָב עס אַליין מיט מײַנע אויגען געזעהן.

מנשה. איז עס שוין אַרויס פון די ברעגעס?

מירל. געוויס אַרויס פון די ברעגעס — הערסט דאָך ווי עס רוישט... הערסט, זיידע, איך וויל דיר עפּיס דערצעהלען... כ'וויל דיר עפּיס דערצעהלען (גלעט איהם זײַן באָרד).

מנשה (נעהמט זי אַרום). איך פיהל אין די הענד מײַנע, ווי די וואַקסט (גלעט אידרע האָר).

מירל. כ'וויל דיר עפּיס דערצעהלען, זיידע!

מנשה. וואָס, מײַן קינד?

מירל. נעכטען האט זיך מיר גע'חלום'ט...

מנשה. וואָס האט זיך דיר גע'חלום'ט, מײַן קינד?

מירל. אַז איך שלאָף אויפ'ן פּראָם — זומער איז עס געווען. איז געקומען אַ ווײַבעל און האט געוואָלט, בײַ מיר די קמיע אַראָבנעהמען. אין אַ טשעפּעק איז זי געגאַנגען... זי איז צו מיר אַזוי שטיל צוגעגאַנגען... אפשר איז עס די מאמע געווען?

מנשה. געוואָלט די קמיע אַראָבנעהמען?

מירל. יאָ.

מנשה. פון הארצען?

מירל. אוודאי פון הארצען; איך בין געלעגען מיט'ן פנים אַרויף.

מנשה. פאַר וואָס האסטו עס מיר באַלד ניט דערצעהלט?

מירל. דער באָבען האָב איך דערצעהלט; איך האָב מיט אידר געשלאָפען... הערסט, זיידע, מיר ווילט זיך אַמאָל... (שווײַגט).

מנשה. וואָס ווילט זיך דיר, מײַן קינד?

מירל. מיר ווילט זיך אַמאָל עפענען די קמיע און זעהן, וואָס אינוועניג איז.

מנשה (ציטערט אויף). מײַן קינד! וואָס האָסטו געזאָגט?!

מירל. טאַקע, מיר ווילט זיך עס אַמאָל טהאָן; עס הײַנגט אויפ'ן האַלז... איך וויל אַמאָל וויסען, וואָס איז דאָרט אינווע-ניג... צו וואָס הײַנגט עס?

מנשה. דאָס איז עס צו דיר דײַן מאַמע צו חלום גע-קומען. מען האָט זיך דערוואוסט, אַז דו ווילסט אַ גרויס פֿערברעך בעגעהן. מען האָט עס איהר אין הימעל אָנגעזאָגט. נישט אומזיסט איז דײַן חלום געווען, מײַן קינד. אַ שלעכטער געדאַנק האָט זיך דיר אין האַרצען פֿערגנב'עט... כ'וועט דיר נאָך דער טאַטע דײַ-נער אויך צו חלום קומען... עס קאָן, חלילה, דעם גאַנצען הימעל אויפֿריהרען.

מירל. הער, זיידע, די מאַמע איז אין אַ טשעפּעק גע-גאַנגען?

מנשה. ס'איז נישט בעשטימט, ווער דער צדיק איז גע-ווען... די ליכטיגע זון צינדט זיך מיר אָן פֿאַר מײַנע אויסגע-לאָשענע אויגען אין איך זעה ווי בײַ טאָג — ווען נאָר איך טראַכט וועגען זײַן נאָמען... מיט זײַן דורכפֿאָהרען האָט ער אונז מיט איין האַנד געבענטשט און מיט דער אַנדערער געשאָלטען... מיט איינער געשטראָפֿט און מיט דער אַנדערער געטרייסט. נאָר פֿון זײַן ליעבען נאָמען מוז מען אַלץ מיט חרדה פֿערנעהמען... ניט אויפ'ן האַרצען — נאָר — אין האַרצען זאָלסטו די קמיע בעגראָבען: דאָס איז דאָס גליק דײַנס... הימעל און ערד קאָנען, חלילה, אויפֿ-ציטערן, ווען דו וועסט בעריהרען וואָס אינווענדיג איז (ער הויבט זיך אויף און געהט צום פֿענסטער).

מירל (קוקט איהם נאָך צושראָקען). וואוהין געהסטו, זיידע?

מנשה (קוקט אין פֿענסטער). עפּיס מעהר ווי שטענדיג רוישט דאָס וואַסער...

מירל. זעהסטו וואָס, זיידע?

מנשה. אויסגעלאָשען איז מיר דאָס ליכט, מײַן קינד. ליכ-טיג איז מיר נאָר, ווען זײַן הייליגער פּנים שטעלט זיך פֿאַר מײַנע אויגען... עפּיס מעהר ווי שטענדיג רוישט דאָס וואַסער.

מירל. כ'האָב מורא, זיידע! וואָלט די באָבע ניט אַוועק אין דאָרף אַרײַן.

מנשה. ניט האָב קיין מורא, מײַן קינד, זײַן הייליגער נאָ-מען וועט דיך געוויס בעשיצען... פֿריהער מוז דאָס אונגליק קומען, דערנאָך קומט דאָס גליק... דער צאָרן האָט זיך שוין



דײַניגעס אָבגעטהאָן: צו אַטוישען בין איך געגליכען, אָהן אוי-גען — וואָס קאָן זײַן האַנד מיר נאָך טהאָן? מײַן טאָכטער האָט ער פֿון מיר צוגענומען, און דײַן טאַטען האָט דער טײַך פֿער-נומען... מיט מיר איז שוין געענדט און פֿאַר דיר איז גאָט'ס חסד געגרייט... זײַנע לעצטע ווערטער... איך געדיינק ווי נאָך... (שווייגט אַ ווײַלע). עפּיס מעהר ווי שטענדיג רוישט דאָס וואַסער.

מירל. אפֿשר, זיידע, דערפֿאַר, וואָס כ'האָב... וואָס כ'האָב...

מנשה. דײַן האַרץ איז נאָך ריין... דײַן מחשבה אונ-שולדיג... קינדער שטראָפֿט מען נאָר פֿאַר די זינד פֿון טאַטע-מאַמע... דײַן מאַמע איז ריין ווי אַ מלאך אויף יענער וועלט גע-גאַנגען; דײַן טאַטע איז אַ קדוש געשטאָרבען... דיך האָט נאָך דער, וואָס אין הימעל ניט פֿאַר וואָס צו שטראָפֿען... (געהט צו מירל'ען טאַפּט איהר). ביזט וואַריעם אָנגעטהאָן? אין שיך, צו באָרוועס ביזטו?

מירל. וואָס מיינסטו, זיידע?

מנשה. כ'וויל, זאָלסט מיר אויף דער גאַס אַרויספֿיהרען; כ'וויל זעהן, ווי דאָס וואַסער האַלט!

מירל. כ'וועל מײַנע שיך אָנטהאָן. נאָך אין דער פֿריה איז דאָס בוימעל ביז די צווײַגען אין וואַסער געשטאַנען (געהט אין צווייטען צימער. דער ווינד רײַסט מורא'דיג).

מנשה. דער ווינד שטאַרקט זיך פֿון מינוט צו מינוט (קוקט זיך אַרום, ווי ער וואָלט וואָס געזעהן אַרום זיך. צו זיך אַליין). זײַן פּנים ווײַזט זיך ווידער פֿאַר מיר... ווי די ליכ-טיגע זון שײַנט ער... עפּיס מעהר ווי שטענדיג רײַסט דער ווינד... וואו ביזטו, מײַן קינד?

מירל (געהט אַרויס). קום, זיידע, האַלט זיך אָן אָן מיר.

מנשה. עס מוז שוין געוויס זײַן אַרום האַלבע נאַכט. קיין איין האָהן אין דער גאַנצער געגענד נישטאָ. הימליכער ווערט עס אין אַ פֿינסטערער נאַכט, ווען אַ קריי פֿון אַ האָהן הערט זיך... פֿיעל בעדײַט אין אַ פֿינסטערער נאַכט דאָס קריהען פֿון אַ האָהן...

מירל. זיידע! עפּיס פֿון דײַנע ווערטער הײַנט האָב איך זיך גענומען שרעקען, כ'האָב מורא.

מנשה. פֿאַר וועמען שרעקסטו זיך, מײַן קינד?

מירל. כ'ווייס אַליין ניט פֿאַר וואָס. עפּיס דער ווינד... דער טײַך עפּיס, כ'ווייס אַליין ניט פֿאַר וואָס...

מנשה. דיין צעטעל איז פון איהם אליין בעזיכערט. פיהרסטו מיך אויף דער גאס?

מירל. דו האסט, זיידע, קיין מאל אזוי ניט גערעדט ווי היינט.

מנשה. יעדעס מאל, ווען דאס אייז פלאצט אין די קריגעס שווימען, ווען דאס וואסער לאפט זיך איבער די ברעגעס ארויס, ווארט איך אויף דעם גורל, דיינעס און מיינעס, מיין קינד... פיהר מיך אויפ'ן גאס.

מירל. קום, זיידע, איך פיהר דיך (נעהמט איהם פאר'ן האנד).

מנשה (גלעט זי). ביזטו ווארעם אנגעטהאן? דער ווינד רייסט... (זיי געהען ארויס. דאס פייפען פון ווינד ווי אויך דער גערויש פון וואסער שטארקט זיך. דאס פייער פון ליכט לעשט זיך פון ווינד).

(פויזע).

מנשה (זיין שטימע הערט זיך פון אינטער'ן טהיר. אינרוהיג). דאס איז נאר ניט פאר מיין געדיינקען (ער קומט אריין. נאך איהם מירל זעהר צושראקען).

מירל. זיידע? דאס וואסער וועט באלד אין שטוב אריין... לאמיר אנטלויפען פון דאנען — כ'האב מורא! וואס האסטו געלאזט, די באבע זאל אין דארף אוועקגעהן?

מנשה (שטעהט צושטריט). דאס איז גאר ניט פאר מיין געדיינקען... מירל, האסטו גוט נאכגעזעהן? אפשר האט עס זיך דיר נאר געדוכט? איז דאס וואסער טאקי אזוי גרויס?... (טראכט א ווייל). וויל דער טייך מיינע פיער ווינקעלעך פערטראגען? מירל! פיהר מיך אויפ'ן גאס, כ'וועל אליין מיט מיינע הענד אנטאפען... איך גלויב עס נישט... פיהר מיך!

מירל. האסט דאך געזעהן; ווייטער האב איך דיך שוין ניט געקאנט פיהרען... מיינע שיך זענען פול מיט וואסער — די פיס אויך פערנעצט...

מנשה. וואוהין זאל איך מיט דיר געהן?... דו ביזט מיין שוין געבליבען (שטעהט אין מיטען שטוב פערצווייפעלט). אויף איין מינוט קעהר מיר, רבונו של עולם, אום דאס ליכט פון מיינע אויגען... נאר אויף איין מינוט!

מירל. לאמיר, זיידע, גיכער אוועקגעהן פון דאנען.

מנשה. האלץ צו האלץ האב איך צוזאמענגעטראגען און די וואנד געבויט, שטרוי צו שטרוי האב איך צוזאמענגעקליבען



און דאס דאך געדעקט... דא איז מיין גליק געבארען געווארען און דא איז מיין אינגליק אויסגעוואקסען... אויף איין רגע מיר די שיין קעהר אום, רבונו של עולם!

מירל. פון אלע זייטען איז פינסטער — כ'וועל אפשר ניט טרעפען, ווי פון דאנען ארויסצוקלויבען זיך; וואוהין, זיידע, זאלען מיר געהן?

מנשה. לאז מיך, מיין קינד; צו דען קאן עס געשיקט זיין, אז דאס וואסער זאל ביז מיינע וואנד דערגרייכען?! כ'מוז עס אליין מיט מיינע הענד אנטאפען... פיהר מיך, מירל, נאך אמאל אויפ'ן גאס ארויס (עס גיט א שטארקען קלאפ אין וואנד).

מירל. זיידע, כ'האב מורא! הערסט? עפיס האט אין וואנד א שטארקען קלאפ געגעבען (שפרינגט אב מיט שרעק פון פענסטער). עפיס האט אין פענסטער א קוק געגעבען... קום אוועק, זיידע, פון דאנען, כ'האב מורא...

מנשה. וואס, מיין קינד, האט זיך דיר געדוכט?... וועמען האסטו אין פענסטער געזעהן?... וואו ביזטו?...

מירל. כ'האב מורא — מיר דוכט זיך... עפיס רעדט, איך הער... ווענסטו הערען... מיט'ן ווינד... דו האסט פריהער גערעדט און איצטער דוכט זיך מיר אויס (צושטריט).

מנשה. איך קאן די שטוב ניט פערלאזען... איך טאר עס נישט טהאן... דא מוז זיך דאס גליק בעווייזען... וואו ביזטו, מיין קינד?

מירל. איך האלט פערמאכט די אויגען, איך זאל ניט זעהן די פענסטער... עפיס א מענש ווייזט זיך אין דער פינסטערניש (עס גיט א צווייטען קלאפ אין וואנד).

מנשה. וואס זאל עס בעדייטען?... ווער קלאפט עס?... אפשר האט זיך אזוי פיעל דאס וואסער געשטארקט, אז די קריגעס אזא אייז קלאפען שוין אין מיין שטוב... זאל דאס וואסער מיט גיכקייט וואקסען... כ'האב עס גאר מורא צו טראכטען. פיהר מיך אויפ'ן גאס, מיין קינד!...

מירל. כ'וועל, זיידע, ניט געהן — עס שרעקט מיך... כ'קאן זיך פון ארט ניט ריהרען, די פיס זענען מיר ווי אינטערגעהאקט...

מנשה. ווען דאס גרעסטע אומגליק, האט ער געזאגט, וועט קומען, דעמאלט וועט זיך דאס גליק בעווייזען... ווער ווייס דעם גרונד צום אומגליק?!... וואו איז דער סוף? ווען מיין טאכטער איז געשטארבען, האב איך געמיינט, אז כ'האב שוין דעם בעכער ביז

צום גרונד געטרונקען... איז ביי מיר די שיין פון מיינע אויגען אויסגעלאָשען געוואָרען... האָט דער טייך דיין טאַטען פערנומען... דאָס איז געווען אַוואַנק פון זיין ליעבען נאָמען, אַז כ'האָב נאָך נישט געפּטר'ט... צו אַלץ איז דאָ אַ גרונד... צו די השכל'דיגע ווערטער אין טייך איז אויך אַ גרונד צו געפינען...

מירל. זיידע, שווייג! בעסער שווייג... ווען דו רעדסט, פאַלט אויף מיר אַן אימה און... איך האַלט פערמאַכט די אויגען, איך זאָל מעהר ניט זעהן. מיר דוכט, איך זעה... איך זעה די מאַמע... בעסער שווייג!...

מנשה. מיין קינד! עפען דיינע אויגען... מיר האָט דער וואָס אין הימעל מיינע אויגען פערלאָשען... דיר האָט ער דאָס ליכט געשייענקט... עפען די אויגען דיינע און פיהר דיין זיידען אויף דער גאַס אַרויס... פיהר מיך... וואו ביזטו? (טאַפּט).

מירל (רוקט זיך צום וואַנד). שטעה אויף אַן אָרט, זיידע! כ'האָב מורא...

מנשה. ווער שרעקט דיך, מיין קינד?

מירל. כ'האָב פאַר דיך אויך מורא, פאַר דיך... כ'וועל צו דיר ניט געהן... דו רעדסט... דו האָסט, און איך... שווייג בעסער!...

מנשה. וואָס איז מיט דיר?! איך דערקען נישט דיין קול! דיין קול איז פערענדערט געוואָרען, עס קלינגט אין איהם אימת-מות... וואו ביזטו? נעהם מיך פאַר'ן האַנד; דאָס איז דאָך דיין זיידע, וועלכען דער, וואָס אין הימעל האָט געשטראָפט פאַר אייך אַלעמען... דיין נשמה איז ריין... דאָפּעלט ריין איז דיין נשמה... פאַר איהר זינדען זענען אַלע ערב געווען: דיין מאַמע מיט איהרע יונגע יאָהרען... דיין טאַטע מיט'ן גאַנצען לעבען זיינעם און איך מיט מיין שיין... קום צו מיר...

מירל (שטעהט ביים וואַנד בלאַס און קוקט איהם אָן אָהן ווערטער).

מנשה. וואו ביזטו?... וואָס הופּסטו זיך נישט אָב?... (קוקט מיט זיינע אויסגעלאָשענע אויגען אין אַלע זייטען). מיין קינד, וואו ביזטו?! פאַר וואָס איז דיין זיס קול אַנטשוויגען געוואָרען?...

מירל. זיידע! מאַך צו דיינע אויגען, איך שרעק מיך פאַר זיי... זיי זענען עפּיס פינסטער... קוקען אויף מיר פינסטער... פערמאַך...

מנשה. איך זיך דיך, מיין קינד. איך קוק אין דעם ווינ-



קעל, וואו עס שיינט ווי אַן אָבשלאָג פון דער ליכטיגער זון. פון דער קמיע אויף דיין האַרצען פון זיין ליעבען נאָמען שלאָגט צו מיר אַ וואַרימע ליכטיגקייט. און איך הויב אָן זעהן יעדען ווינקעל פון מיין שטוב, וועלכען איך האָב מיט מיינע הענד געבויט. איך זעה יעדעס שטיקעל מעבעל אין זיין ריכטיגער פאַרב. (געהט צום אָרט, וואו מירל שטעהט). אָט זעה איך דיך, מיין ליעב קינד, איך זעה, ווי דו שטעהסט און ציטערסט. דיין נשמה איז ריין, רוהיג האַרפסטו זיין...

מירל (רוקט זיך צום וואַנד אין הער שטיל).

מנשה. וואָס בעדייט עס, מיין קינד? ווילסטו דיין אַלטען זיידען פערלאָזען? קום, איך וויל מיך אָן דיר אָנהאַלטען. דיין נשמה איז ריין — בעשיץ מיך אויך. איך זעה אויף דיין האַרצען ווי גן-עדן ליכט... די שטראַהלען פון זיין ליעבען נאָמען.

מירל (קוקט מיט גרויס שרעק אויף איהר קמיע). זיידע, איך ריהר עס!

מנשה. איך פערשטעה נישט, מיין ליעב קינד, ווער עס רעדט אין דיר... קום, נעהם דיין אַלטען זיידען אָן, צו וועלכען דו האָסט זיך נאָר וואָס געטוליעט.

מירל. אָבער איך קאָן ניט אויסהאַלטען (פיהרט איהר האַנד אויפ'ן האַרצען).

מנשה. מיין קינד! איך שפיר, ווי די גאַנצע ערד ציטערט אונטער מיר! די הימלען ברעכען זיך!...

מירל. (געהט שטיל אַריין אין צימערל).

מנשה. איך הער, ווי דער טייך בייזערט זיך, מיט ווייסען שוים איז דאָס גאַנצע וואַסער בעדעקט... דאָס וואַסער וואַקסט (געהט אין צימערל). וואו ביזטו, מיין קינד? זאָל דיר דיין מאַמע קומען צו הילף — איהר נשמה איז שוין געלייטערט געוואָרען אין הימעל... זאָל דיין טאַטע דיר צו הילף קומען — ריין איז זיין נשמה, הייליג איז ער אויפ'ן הימעל אַרויף...

מירל (רוקט זיך מיט שרעק אַרויס פון צימערל און קריכט אויף די הרובע).

מנשה (אין צימערל). מיין קינד, וואו ביזטו? איז דיין קול אין גאַנצען פערשטומט געוואָרען? דריק צום האַרצען די קמיע; פערבאָרג אין האַרצען די הייליגע סודות און רמזים (געהט אַרויס).

מירל (וויל אַראָברייסען פון האַרצען די קמיע. בלייבט זיצען פערצווייפעלט).

מנשה. דאָס גאַנצע ליכט האָט זיך פאַר איין מאָל

אויסגעלאָשען!... איך שפיר, אז די ערד האָט א ציטער געטהאָן... מיין קינד! וואו ביזטו?! וואָס שווייגסטו?! דו האָסט וואָס מורא׳דיגעס בעשטאנען — כאפ זיך צוריק! דו האָסט בערירט דאָס ליכט פון דיין הארצען (טאפּט אינרוהיג פון אלע זייטען). וואו ביזטו? וואָס האָסטו געטהאָן (עס גיט א שטארקער קלאפּ אין וואנד). די ערד ציטערט פאר צאָרן... דער טייך בייזערט זיך... בייזע רוחות, הער איך, האָבען זיך גענומען ארום מיין שטוב טראָגען (טראכט א ווייל׳ע). ס׳איז פינסטער ארום; אפשר האָט זי גאָר די שטוב פערלאָזען?... איך האָב אָבער דאָס סקריפּען פון טהיר נישט געהערט... מיין קינד! (עס גיט ווידער א קלאפּ אין וואנד). הייליגע מלאכים! קומט ראטעוועט מיר מיין קינד! (טאפּט מיט זיינע פיס). דאָס וואסער אינטער מיינע פיס!... טרייבט עס דער טייך זיינע כוואליעס צו מיר אין שטוב אריין?...

מירל (מיט א ווילד געשריי). זיידע! עס פליֵיצט דאָס וואסער אין שטוב אריין!

מנשה. דו האָסט דעם הימעל איבּערגעריהרט: דער בעכער פון צאָרן גרייט זיך. כ׳וועל נאָך פּרובען אליין פון דאנען דעם וועג זוכען, כ׳וועל מיך אפשר ביז צום בערגעל דערשלאָגען. (ער עפענט דאָס טהיר, דאָס וואסער רייסט זיך אריין אין שטוב. מיט שרעק). דאָס וואסער פליֵיצט איבער מיינע פיס!.. (ס׳פייפט שטארק דער ווינד. די טהיר איז אָפען. דער ווינד פערלעשט דאָס ליכט).

מירל. זיידע! דו האָסט דאָס ליכט פערלאָשען! מיר זיצען אין דער פינסטער... באָבע! באָבע! מיר טרינקען זיך, באָבע!

מנשה. (היקט זיך צו דער הריבע). העלף מיר! דיין ליכטיגער פנים שיינט פאר מיר ווידער... קומט איהר, הייליגע מלאכים!

מירל. (שטיל). זיידע, שווייג, שווייג... כ׳זעה וואָס הירכ׳ן פענסטער... כ׳זעה, ווי דאָס וואסער הויבט זיך; שווייג, שווייג... באָבע! באָבע! מיר טרינקען זיך!

מנשה. (מיט א ליטערער שטים). עס ווערט ליכטיגער ארום. איך זעה, ווי עס עפענען זיך די הימלען... איך זעה זיין ליעבען נאָמען, ער קומט מיר צו הילף... איך בין זיכער... איך בין זיכער... וואו ביזטו, מיין קינד? (דער ווינד פייפט. די קריעס קלאפּען אין וואנד).

מירל. זיידע! איך אנטליף! (זי שפּרינגט פון דער הריבע, עס הערט זיך א פּליעסק פון דעם וואסער).

מנשה. איך גיה נאָך דיר, מיין קינד, איך גיה נאָך דיר (שטיל. ווייכע שטראהלען הויבען אָן צו שלאָגען אין שטוב אריין



הירכ׳ן פענסטער. דאָס וואסער אין שטוב ווערט בעלויכטען ווי פון דעם שיין פון דער לבנה).

מירל. איך זעה עפּעס הויפּט אונז... מאכט מיט די הענד... וויינקט... הויפּט...

מנשה. איך שפיר, ווי ווארעמע שטראהלען פאלען אויף מיין קאלטען קאָפּ...

מירל. מען ווינקט צו אונז, מיר זאָלען גיכער געהן.

מנשה. איך הער, ווי דיין קול קלינגט ווידער יונג און פריש ווי פריהער...

מירל. (געהט צום פענסטער). מיט אָנגעצונדענע פלאמען שטעהט מען פון ווייטען און מען ווינקט.

מנשה. איך זעה, ווי ס׳ווערט טאָג ארום אונז...

מירל. לאָמיר גיכער ארויסגעהן, דאָס וואסער נעצט מיר שוין מיינע נאקעטע קניה. איך געה הירכ׳ן פענסטער, גלייך צו די פייערען.

מנשה. מיינע אויגען זעהען מיר שוין אינגאנצען בעלויכטען... דאָס איז ער מיט זיינע שלוחים דיר אנטקעגען געקומען — געה גלייך אנטקעגען די פייערען...

מירל. (עפענט דעם פענסטער און קריכט ארויס).

מנשה. (קלייבט זיך צום פענסטער). דאָס גליק הויבט זיך פון היינט אָן... ווארעם איז מיר צווישען די קריעס אייז... ליכטיג — אין דער פינסטערער נאכט... מיין קינד, פערלאָז מיך נישט!.. (ער קריכט ארויס. שטיל. די שיין ווערט פערשוואונדען. חושך. דער ווינד רייסט הירך די פענסטער און טהיר. קריעס קלאפּען פון אלע זייטען. עס קנאקען די ווענד. עס פאלט די סטעליע. עס הערט זיך א גרויס געוויש פון דעם וואסער און מיט שרעקליכען ליארעם פאלט די גאנצע שטוב איין).

(פאָרהאנג).

———

## צווייטעס בילד.

נאַכט. דער ווינד טרייבט שטיקער וואָלקען. פון צייט צו צייט רייסט זיך אַרויס פון צווישען די וואָלקען אַ בלייכער שיין פון דער לבנה און עס בעווייזט זיך ניט קיין הויכער באַרג בעוואַקסען וואו ניט וואו מיט בוימלעך. עס הערט זיך דאָס פּליעסקען פון וואַסער. פון צייט צו צייט טראָגען זיך מיט'ן ווינד פון ווייטען אויסגעשרייען, מאַנכע טרויעריגע, מאַנכע רופען צו הילף. שטיל.

מנשה. (זיין קול דערנעהנטערט זיך אַליץ צום בערגעל). עלענד... עלענד, נאָר איך מיט מיינע אויסגעלאָשענע אויגען. (מיט שמחה.) וואָס איז עס? טרוקען! כ'האָב מיך צו אַ באַרג דערשלאָגען... הייליגע מלאכים! איהר האָט מיך ניט פערלאָזען... באַרג אויף געהט עס אַליץ. טרוקענע ערד. העכער ביז צום שפּיץ וועל איך זיך פערקלייבען, וואו כ'וועל שוין אינגאַנצען זיכער זיין. (אין דעם בלאַסען שיין פון דער לבנה בעווייזט ער זיך אויף דעם שפּיץ בערגעל).

מירל. (געהט איהם נאָך שטיל).

מנשה. (ציטערט פון קעלט). דאָך וואַכער צו מיין לייב דערשלאָגען — אַן אַלטער פּראָמשטשיק... כ'האָב שטענדיג געוואוסט, ווי פון בייז זיך אויסמיידען, כ'וועל מיינע פערפרוירענע פיס און די איבעריגע טיילען גוף וואַרעמען. (הערט זיך צו).

מירל. (געהט אָב אָן אַ זייט און זעצט זיך שטיל, ציטערט פון קעלט).

מנשה. זאָל איך אפשר פרובען שרייען... פון ווייטען הערען זיך קולות. זאָל עס איהר קול זיין? זי האָט דעם גאַנצען הימעל אויפגערודערט. (שווייגט אַ ווייַלע). וואָס וואַרימער עס ווערען מיר מיינע גלידער, אַליץ מעהר פיהל איך, אַז עס פעהלט מיר וואָס... מיט איהר צוזאַמען בין איך נאָך היינט'ן פּענקטער געקראָכען... דאָרטען האָט זיך נאָך מיין גוף אָן איהרען אַנגערודערט. אין וועלכע זייט האָט איהר דער חיה פערטראָגען? (ס'הערט זיך אַ פּליעסק אין וואַסער). זאָל זי דאָרט זיין? מירל!.. מיין קינד, מירל!.. איך האָב די געשראָקען מיט מיינע רעד, זי האָט מיך געשראָקען מיט איהר געדאַנקען. (ווייַנט זיך פּאַנאַנדער). זיכער בין איך פון וואַסער, אָבער ניט זיכער איז מיין האַרץ געבליבען... נישט גאַנץ איז מיין נשמה געבליבען. עס פעהלט מיר, אַליץ פעהלט מיר... דאָפּעלט וואַרימער וואָלט מיר איצט זיין, ווען זי וואָלט מיט מיר געוועזען... איהרע



אויגען האָבען דאָפּעלט געלויכטען, געשיינט פאַר מיינע אויך. איהר יונגענד האָט מיר מיין עלטער פערטריבען, יונג איז זי שוין פאַר מיר אויך געוועזען... מירל!... מיין קינד!... (שווייגט).

מירל. (געהט צו נעהנטער, שטעלט זיך אַנטקעגען דעם אַלטען).

מנשה. (ווייַנט שטאַרקער). וואו איז פערפאַלען געוואָרען דער שיין, נאָך וועלכען איך בין אַזוי זיכער געגאַנגען?... קעהר מיר צוריק אום מיין קינד!... וואַרימער ווערט מיר, ווען איך טראַכט פון איהר, דאָפּעלט וואַרימער וואָלט מיר אַצינד זיין, ווען זי וואָלט געזעסען נעבען מיר (ציטערט פון קעלט. ווייַנט אין דער שטיל.

מירל. (שטיל). זיידע, וואָס ווייַנסטו?

מנשה. האַ?... וואָס?... ווער רעדט?... דאַכט זיך אַ קול... (הערט זיך צו. די לבנה גיסט איהם אָב מיט אַ מאַטען שיין). ס'גיסט זיך ליכט איבער מיין אַלטען קאָפּ. ברייטער וועל איך מיינע אויגען עפענען, אפשר וועל איך פאָרט וואָס זעהן... ווער רעדט?.. וואו בין איך?.. (ער הויבט זיך אויף). העכער, אָבער אַליץ פינסטער. מיין געדאַנק האָט מיך גענאַרט... אפשר האָט זי צו הילף געריפען?... דער ווינד האָט איהר קול געבראַכט אין הייסט מיר געהן זי ראַטעווען?... (פרובט געהן אין פאַלט גלייך). געפראָרען די פיס, ביז די קניה געפראָרען... דאָס לייב פערגליווערט... דאָפּעלט עלענד... דאָס האַרץ שמעלצט זיך... די לעצטע טרערען... דאָס לעצטע מאָל ווייַנט דאָס האַרץ מיינס (ווייַנט).

מירל (שטעלט זיך נאָך נאָהענטער). וויין ניט, זיידע.

מנשה. מירל! דיין קול איז עס? ביזטו נאָהענט נעבען מיר? „זיידע" האָט מיין אויער פערנומען... זאָל נאָך אין מיינע געדאַנקען קלינגען דער ווידער'קול פון'ם פריהערדיגען רופען?... כ'וועל פרובען אויף אַלע פיער קריכען (קריכט).

מירל. כ'בין ניט ווייט פון דיר, זיידע.

מנשה. מיין קינד! איך הער קלאָר דיין קול. ער ציטערט... דיר איז קאַלט — קום צו מיר: איך וועל דיר ביי מיין אַלטען האַרץ אָנוואַרעמען. קום, כ'וויל דיר די לעצטע שעה'ן מיט מיינע הענד אַרומנעהמען, מיין קינד.

מירל. מיר איז שטאַרק קאַלט, זיידע...

מנשה (מיט גרויס שמחה. ער הויבט זיך פון אָרט אין פאַלט צוריק). מיין קינד, איך קאָן צו דיר נישט געהן, קום צו

מיר... מײַן לעצטען פֿונק וואַרעמקייט וועל איך דיר אָוועקגעבען.

מירל. שרעק מיך ניט, וועל איך געהן צו דיר.

מנשה. איך הער, ווי די ציטערסט פֿון קעלט — ערנעהענטער זיך צו מיר...

מירל (זי וואַרפֿט זיך אין זײַנע אָרעמס). אָט בין איך, זיידע, וואַרעם מיך! (ציטערט).

מנשה. ביז די קניה וועגען שוין מײַנע פֿיס פֿערפֿראָרען. צו מײַן האַרצען וועל איך דיך דריקען. באַהאַלט די הענד דײַנע. גיב מיר דײַנע פֿיס, כ'וועל זיי מיט מײַן הויך דערוואַרימען...

מירל. וואו זענען מיר, זיידע?

מנשה. ווײַט פֿון דעם וואַסער שפּיר איך, נאָר פֿון דעם ווינד נישט בעשיצט. איך בין געגאַנגען נאָך דעם שײַן, וואָס האָט פֿאָראויס מיר דעם וועג בעלויכטען, אין די דאָסט מײַנע אויסגעלאָשענע אויגען פֿאַר אַוועגווײַזער גענומען... איז דיר וואַרעם, מײַן קינד?

מירל. בײַ דיר אונטער די פּאָלעס איז אויך קאַלט. דער ווינד בלאָזט דאָרט אויך.

מנשה. נעהענטער צום האַרצען טוליע זיך.

מירל. איך האָב געהערט, ווי אונזער שטוב איז אײַנגעפֿאַלען — וואו וועלען מיר איצטער געהן?

מנשה. מיר וועלען אונזערע נשמות אין לײַבער צו גאָט איבערגעבען.

מירל. דו ביזט גלײַך געגאַנגען, ווי דו וואָלסט קלאָר דעם וועג געוואוסט.

מנשה. דער גוף ווערט מיר אַלץ קעלטער און קעלטער און דאָס האַרץ וואַרעמער און וואַרעמער.

מירל. אַז עס וועט טאָג ווערען, וועלען מיר געהן אונזער שטוב זוכען.

מנשה (ציטערט אויף). מײַן קינד! דאָס אומגליק איז גרייט!

מירל. שרעק מיך ניט. איך וויל מיך אָנוואַרימען.

מנשה. איך שפּיר, אַז דײַן האַרץ איז אין גאַנצען געשטאָרבען...

מירל. זיידע, איך וועל צוריק אין וואַסער לויפֿען — רייד ניט!



מנשה. איך שפּיר, אַז אַ שטיק אײַז האַלט איך פֿעסט צו מײַן האַרצען געדריקט.

מירל. איך ווער געפֿרוירען; רייד צו מיר ווי אין שטוב, כ'וויל מיך אָנוואַרעמען.

מנשה. עס קיהלט מיר מײַן האַרץ... עס פֿריהרט... קאַלט... קאַלט...

מירל. שווײַג, זיידע, רעד קיין וואָרט ניט... איך וועל מיינען, אַז דו שלאָפֿסט און איך וואַרעם מיך נעבען דיר.

מנשה. נעהם מײַנע הענד און פֿיהר זיי אויף דײַן האַרצען... איך קען מיט זיי ניט ריהרען... איך וויל זעהן... איך וויל...

מירל. שווײַג... שווײַג... שווײַג...

מנשה. איך וויל דאָס אמת'ע פֿײַער אויף דײַן האַרצען געפֿינען.

מירל. איך האָב די קמיע אין וואַסער פֿערלאָרען.

מנשה (שרײַט אויס). פֿערלאָרען?!

מירל. עמיצער האָט זי בײַ מיר פֿון האַרצען אַראָבגעריסען... כ'האָב מיר געשראָקען.

מנשה (פֿערצווייפֿעלט). פֿערלאָרען... פֿערלאָרען... פֿערלאָרען...

מירל (שפּרינגט אָב פֿון אידם).

מנשה. פֿערלאָרען, פֿערלאָרען... דעם בעכער פֿון צאָרן אין גאַנצען געטרונקען, אָבער דאָס גליק נישט דערוואַרט זיך (שווײַגט אַ ווײַלע). קעלטער, קעלטער ווערט מײַן האַרץ, שווערער ווערט מיר מיט מײַן צונג צו בעריהרען.

מירל. נאַ, איך וועל דיר צודעקען (וואַרפֿט אויף אידם אידר טוך).

מנשה (מיט שמחה). דער צדיק! זײַן הייליגער פּנים ערשײַנט פֿאַר מיר... וועמען געהסטו ראַטעווען — מיך, צו מײַן קינד?... אָ! דערבאַרעם זיך...

מירל (רײַסט אַראָב פֿון זיך נאָך וואָס אין וואַרפֿט אויף'ן אַלטען).

מנשה. וואַרימע פֿליגעל פֿון הייליגע מלאכים בעדעקען מיך... זײַנע ברענענדיגע אויגען קוקען מיר גלײַך ביז'ן האַרץ אַרײַן... דאָפּעלט וואַרימער... דאָפּעלט וואַרימער... דאָפּעלט וואַרימער...

אַ שטים (טראָגט זיך פֿון ווייטען מיט'ן ווינד). ראַ—טע—ווע‍ט! איך—גנעד—ביז—האַלז—אין—וואַ—סער!

מירל (שרייט). אַ—הער דאָ—איז—טרוקען!

מנשה. פֿון הימעל הער איך קלינגען די קולות פֿון די הייליגע מלאכים... פֿון גן־עדן, הער איך, גיסט זיך דער הייליגער געזאַנג...

די שטים (נעהענטער). ראַ—טע—ווע‍ט! איך ווער פֿער—פֿראָ—רען.

מירל. אַהער, דאָ איז טרו־קען!

מנשה (מיט שמחה). האַ, טאָכטער מיינע! איך זעה דיך... צווישען אַלע צדיקים און צדקניות ביזטו... גלייך פֿון הימעל געהםטו... דיין פּנים לויכט... דיינע אויגען פֿונקלען ווי די ליכטיגע שטערען... דאָפּעלט וואַרימער... דאָפּעלט וואַרימער...

די שטימע (גאָר נאָהענט). וואו—הין—זאָל—איך—געהן?

מירל. גלייך... גלייך... גלייך...

מנשה. שירה אין הימעל... ס'איז פֿריהמאָרגען... דער גאַנצער הימעל האָט זיך ערוואַכט... שירה זאָגט דער צדיק צווישען אַלע מלאכים... (עס פֿליעסקעט דאָס וואַסער גאָר נאָהענט).

די שטימע. צו זענען ערגיץ מענשען פֿאַרהאַן נאָהענט?

מירל (שטעהט און קוקט אין דער ווייטער פֿינסטערניש).

מנשה (זינגט). דער ליכטיגער טאָג קומט אָן... גאָט'ס חסד איז נאָהענט... איך זינג צו זיין נאָמען... איך אַכפּער זיינע מעשים...

די שטימע. ווער איז דאָרט? רופֿט זיך ווער אָב!

מירל. מענשען... מענשען... (עס בעווייזט זיך אַ פֿיגור פֿון אַ מענשען, ער ציטערט פֿאַר קעלט, עס קלאַפּט איהם אַ צאָהן אָן אַ צאָהן).

מנשה (זינגט מיט אַ דומפּפֿען קול). זיין ליכטיגער נאָמען... זיין חסד און רחמים... (זינגט אונקלאָרע ווערטער).

דער אונבעקאַנטער. ווער איז דאָ?

מירל. מענשען, מענשען.

דער אומבעקאַנטער. מענשען? דאָ זענען מענשען?

מירל (ציטערט פֿון קעלט און שרעק). מיט'ן וואַסער געקומען, ביז'ן האַלז געקראָכען.

דער אומבעקאַנטער. ווער איז דאָרט?

מירל. מיין זיידע... ער ווערט געפֿראָרען.



דער אומבעקאַנטער. ווערט געפֿראָרען?

מירל. געפֿראָרען... קאָן זיך ניט דערוואַרמען.

דער אומבעקאַנטער (בויגט זיך צו צום אַלטען). געפֿראָרען, ניטאָ קיין סימן פֿון לעבען, ער ליגט טויט...

מירל (מיט שרעק). אַך, זיידע!

דער אומבעקאַנטער. ניטאָ קיין סימן פֿון לעבען, ביז טאָג וועט אפֿשר פֿון אונז אויך מעהר ניט בלייבען.

מירל. אַך, זיידע, זיידע, שטעה אויף! זיידע, כ'וויים, וואו די קמיע איז, זיידע!

דער אומבעקאַנטער. ער איז טויט, אומזיסט דיין וועקען... איהם וועסטו שוין לעבעדיג ניט מאַכען... לאָמער בעסער איינער דעם אַנדערען וואַרימען ביז טאָג... לאָמיר זיך ביידע איינער דעם אַנדערען פֿון קעלט בעשיצען.

מירל (גרעכט אויס מיט אַ ביטער געוויין. איהר קול ציטערט פֿאַר קעלט). זיידע!... זיידע!... זיידע!... האָסט מיך אַליין אין דער פֿינסטערער נאַכט געלאָזען... זיידע!

דער אומבעקאַנטער. זעה, ווי דיין קול ציטערט פֿון קעלט און שרעק. דער אַלטער ליגט שוין אָהן אַ סימן פֿון לעבען. טרעט אָב פֿון איהם. מיט שרעק און קעלט בלאָזט פֿון זיין קערפּער...

מירל. איך וועל מיך לעגען נעבען איהם און שטאַרבען...

דער אומבעקאַנטער. איך וועל דיך נישט לאָזען שטאַרבען. דער אַלטער איז געשטאָרבען, ווייל דאָס בלוט איז שוין אין זיינע אָדערן לאַנג ווי אייז געווען... איך וועל דיך נישט לאָזען שטאַרבען, אויב איך בין ביז איצטער לעבען געבליבען.

מירל. זיידע! נעהם מיך!...

דער אומבעקאַנטער. די גאַנצע נאַכט האָט מיר דער טייך אויף אַ באַלקען פֿון אַ צובראָכענעם פֿאַראָם געטראָגען און צו האַלבער נאַכט האָט ער מיך אויף אַ ברעג אַרויסגעשליידערט... כ'ווייס אַליין ניט, ווי ווייט ער האָט מיך פֿון מיין היים פֿערטראָגען — נאָר דאָס האָב איך געפֿיהלט, אַז ער האָט מיך אויף די צווייטע זייט אַרויסגעוואָרפֿען (ער נעהענטערט זיך צו מירל'ען). לאָמיר זיך ביידע טוליען איינער צום אַנדערען און וואַרימען זיך...

מירל. (רוקט זיך אָב). כ'קאָן דיך ניט... כ'טאָר עס ניט... כ'וויל נעבען זיידען מיינעם זיצען, ביז איך וועל געפֿראָרען ווערען.

דער אומבעקאַנטער. איך וועל דיך איבערגעוואַלד וואַרימען און דו וועסט מיך איבערגעוואַלד וואַרימען. (געהט צו מנשה'ן).

וואָס ליגט עס אויף דעם אַלטען? טריקענע בגדים... איהם זענען זיי שוין אין גאַנצען איבריג. מען קאָן זיי זיכער פון איהם אַראָבנעהמען.

מירל. ריהר ניט! ריהר ניט!

דער אומבעקאַנטער. עלטער מיט פראָסט ווערסטו שוין ניט דערוואַרימען, קום, נאַרישע קינד. קום צו מיר, ווען ס'וועט נאָר טאָג ווערען, וועסטו זעהן, ווי דער חשק צום לעבען וועט זיך אין דיר שטאַרקען... אומזיסט ווילסטו לעבעדיג מאַכען אַ קערפּער פון אַן אַלטען מאַן, וועלכער איז געפרירען געוואָרען... קום צו מיר, זעה, ווי דו ציטערסט פון קעלט. זעה, ווי ס'קלאַפּט דיר אַ צאָהן אָן אַ צאָהן... קום, לאָמיר צוזאַמענפּרעסען אונזערע לייבער און וואַרעמען זיך. ווען ס'וועט ווערען טאָג, וועלען מיר זיך צו אַ שטוב פערקלייבען... קום!

מירל. איך שרעק מיך פאַר דיר.

דער אומבעקאַנטער. ניט שרעק דיך פאַר מיר. איך בין אַ מענש... מיך האָט דאָס וואַסער אַהער געבראַכט. ס'איז פינסטער אַרום. ווייל איך ווייס ניט, וואו איך בין, קאָן איך דיר ניט זאָגען, פון וואַנען איך בין.

מירל. קאַלט... קאַלט... כ'וועל דערפרירען.

אומבעקאַנטער. נאַרישע קינד! אומזיסט שלעפּסטו אויף זיך דעם טויטען, בעת דאָס לעבען רופט אונז. ביז טאָג איז שוין ניט ווייט. (ברייט אויס זיינע הענד): קום צו מיר. ניט שרעק זיך פאַר מיר. דאָס לעבען קאָנען מיר נאָר ביידע איינער דעם אַנדערען שיינקען... ווייניג וואַרימקייט איז ביי מיר געבליבען, איך זאָל קאָנען ביז טאָג דערציהען. ווייניג וואַרימקייט איז אין דיר געבליבען דו זאָלסט קאָנען דעם פראָסט מנצח זיין. לאָמיר אונזער וואַרימקייט צוזאַמענמישען — נעהם מיך אַרום.

מירל. דער זיידע ליגט טויט.

דער אומבעקאַנטער. און מיר מוזען לעבען! לעבען!.. (ער כאַפּט זי פעסט אַרום).

מירל. לאָז מיר! לאָז...

דער אומבעקאַנטער. מיט געוואַלד וועל איך דיר מיין לעבען געבען און מיט געוואַלד וועל איך ביי דיר דיין לעבען נעהמען — דריק מיך צו זיך...

מירל. דעם זיידענ'ס בלינדע אויגען קוקען אויף מיר... די קמיע... לאָז מיך... דער צדיק...

דער אומבעקאַנטער. דער זיידע איז טויט... דער צדיק



האָט געהייסען לעבען... פעסטער... פעסטער... אָט אַזוי... פעסטער... (שטיל).

מירל. אַ שטראָם הייסעס בלוט איז דורך מיינע אָדערן דורכגעלאָפען.

דער אומבעקאַנטער. דאָס קעהרט זיך צוריק דאָס לעבען צו דיר. איך בין פון יענער זייט טייך. פון דאָרט האָב איך דיר דאָס לעבען געבראַכט...

מירל. מיינע גליעדער געהען מיר אָב.

דער אומבעקאַנטער. מיר מוזען נאָך האַרץ צו האַרץ דריקען, וועט ערשט רעכט וואַרעם זיין...

מירל. הערסט, עס קלאַפּט שוין ניט מעהר ביי אונז אַ צאָהן אָן אַ צאָהן.

דער אומבעקאַנטער. איך הער, אַז דיין קול ציטערט שוין נישט מעהר.

מירל. לאָמיר אפשר פרובען דעם זיידען וואַרימען?

דער אומבעקאַנטער. איהם קען מען נישט וואַרים מאַכען.

מירל. (איהר שטים ווערט לויטערער). ס'איז גאָר ליכטיגער געוואָרען מיר אין די אויגען מיינע.

דער אומבעקאַנטער. דיין קינדערש בלוט האָט אין מיינע אָדערן דאָס בלוט צושמאָלצען.

מירל. כ'האָב די קמיע פערלאָרען... דער זיידע האָט געזאָגט, אַז אין האַרצען האָב איך זי געדאַרפט טראָגען... דער זיידע...

דער אומבעקאַנטער. זעהסטו, ער איז געשטאָרבען, דער טויט איז געוועזען שטאַרקער פון איהם... מיר ווילען לעבען... ש־ש־ש!

מירל. וואָס הערסטו?

דער אומבעקאַנטער. איך הער, ווי דיין האַרץ קלאַפּט און בעוועגט זיך פון אינווייניגסטער שמחה.

מירל. מיר הויבט שוין אָן הייס צו ווערען.

דער אומבעקאַנטער. ווי אַ פּאַנצער זענען מיינע קליידער געפראָרען... ווי אַ פּאַנצער זענען אויף דיר דיינע געפראָרען... אונטער דעם פּאַנצער האָט זיך דאָס לעבען צופלאַקערט... לעבען... לעבען... לעבען...

מירל. ווען כ'פלעג זיך צום זיידען טוליען, איז מיר אַזוי וואַרים ניט געוועזען. נאָך איידער די בוזט געקומען, האָב איך מיך צו זיין האַרץ געטוליעט, נאָר ס'האָט מיט פראָסט געטראָגען.

דער אומבעקאַנטער. ווײַל דאָס לעבען האָט שוין לאַנג זײַן האַרץ פֿאַרלאָזען... זעהסט, ווי אַ גרויער פּאַס בעווײַזט זיך דאָרט לינקס?

מירל. אויף דער ערד?

דער אומבעקאַנטער. ניין, אויפֿ'ן הימעל.

מירל. וואָס בעדײַט דאָס?

דער אומבעקאַנטער. דאָס פֿאַרנעהמט זיך שוין אויף טאָג. באַלד וועט ליכטיג ווערען און מיר וועלען זיך צו הײַזער פֿאַרקלײַבען.

מירל. (וויינט). איך האָב ניט וואוהין. איך האָב געזעהן, ווי דאָס וואַסער האָט אונזער הויז פֿאַרטראָגען. דער זיידע איז פֿאַרפֿראָרען.

דער אומבעקאַנטער. דו וועסט געהן צום לעבען. דאָס לעבען וועט דיר שוין אין הײַזער ברענגען... אַ הילצערנעס הײַזעל איז מסתמא אייערס געוועזען, אַז דאָס וואַסער האָט עס פֿאַרטראָגען געקענט — דאָס לעבען וועט דיך אין פּאַלאַצען ברענגען... שענע פּאַלאַצען אין בריליאַנטענע שלעסער געפֿלאַסטערט אין גאָלד און בעפּוצט מיט פּערל און רובינען... דאָס וואַסער וועט זיך אַהין ניט פֿאַרקלײַבען און דאָס פֿײַער וועט אויך צו זיי קיין שליטה ניט האָבען... זעהסט, דער פֿראָסט האָט דײַן זיידען אין אײַז אײַנגעוואַנדעלט און צו אונז האָט ער קיין שליטה ניט...

מירל. דו רעדסט, איך פֿאַרשטעה עס גאָר ניט... דער זיידע האָט שטענדיג אַנדערש גערעדט... עפּעס אַנדערש פֿלעגט ער רעדען יעדעס מאָל אין אָבענד... איך פֿלעג האַלטען מײַן קאָפּ בײַ איהם אין שויס, און ער פֿלעגט מיר דערצעהלען... איך פֿלעג איהם בעסער פֿאַרשטעהן, נאָר פֿון זײַנע ווערטער איז מיר קיינמאָל אַזוי וואַרים ניט געווען... כאָטש בײַ אונז אין שטוב איז קיינמאָל קיין פֿראָסט ניט געווען... דער ווינד איז אויך קיינמאָל אַהין ניט צוגעקומען...

דער אומבעקאַנטער. ניט שטענדיג דאַרף מען פֿאַרשטעהן — בעסער, אַז מען פֿיהלט. פֿיהלסט, ווי דאָס לעבען קלאַפּט אין דײַנע אָדערן, ווי מיט טויזענד פּויקען? פֿיהלסט, ווי אין דײַן האַרצען קלאַפּט ווי דער טײַך איצטער, וועלכער האָט הײַזער פֿאַרטראָגען און מיך צו דיר געבראַכט.

מירל. פֿאַר'ן זיידען האָב איך מורא געהאַט... ער פֿלעגט מיט זײַנע בלינדע אויגען קוקען אויף מיך... קוקען... קוקען... פֿון זיי פֿלעגט וואָס אַרויסקוקען און מיך שרעקען...



דער אומבעקאַנטער. האַ, דײַן זיידע איז בלינד געוואָרען... בלינד איז ער געווען... פֿון זײַנע אויגען האָט דער טויט אַליין אַרויסגעקוקט און האָט דיך געשראָקען... די טאָרסט וועגען טויט ניט טראַכטען... לעבען... לעבען...

מירל. ער איז בלינד געווען, נאָר ער איז אַליין געגאַנגען. איך בין איהם נאָכגעגאַנגען... ער האָט זיך אַליין צום בערגעל דערשלאָגען.

דער אומבעקאַנטער. דאָס האָט איהם דער טויט געפֿיהרט... בעלויכטען זײַן וועג מיט אַ שוואַרצען פֿײַער, וועלכעס ער האָט געוויס פֿאַר גליק אָנגענומען.

מירל. איך האָב אויך דאָס פֿײַער געזעהן. איך האָב מיך אויך צו איהם געצויגען. איך האָב געמיינט, אַז דאָס איז דער צדיק מיט זײַנע משרתים, ווי דער זיידע פֿלעגט אַלץ זאָגען... ווי ליכטיג עס איז שוין אין יענער זײַט הימעל... אַפֿילו אין די שפּיצען פֿינגער איז מיר אויך וואַרים געוואָרען... זעהסט, ס'איז שוין ליכטיג.

דער אומבעקאַנטער. פֿאַרמאַך נאָך די אויגען אַ ווײַלע און פֿיהל... זעהסט וואָס?

מירל. איך זעה שענע פּאַלאַצען אויף אַ הויכען באַרג שטעהן...

דער אומבעקאַנטער. דאָס וועלען דײַנע זײַן.

מירל. וועמעס זענען זיי איצט?

דער אומבעקאַנטער. קיינעמס ניט. פֿרײַ בויט זיי דאָס לעבען אוים און ווער עס וויל קען זיי בעקומען. דו קענסט זיי אויך בעקומען... דו מיט דײַן קינדערש בלוט קענסט צו זיי דערגרײַכען...

מירל. אַז איך פֿאַרמאַך די אויגען, פֿיהל איך, אַז איך זײַ אויפֿ'ן הימעל, אַרום פֿליהען מלאכים. ס'איז אַזוי ליכטיג, ווי דער זיידע פֿלעגט שטענדיג דערצעהלען.

דער אומבעקאַנטער. דעם זיידען דײַנעם פֿלעגט זיך עס אויך נאָך דעם טויט חלומ'ן, דו קענסט עס אין לעבען בעקומען... זעהסט, ס'איז שוין גאַנץ ליכטיג. עס זעהט זיך שוין די גאַנצע געגענד אַרום. הירכאוים מיט וואַסער פֿאַרגאָסען, נאָר רעכטס ווײַזט זיך אַ שמאָלער פּאַס טרוקענע ערד. ער ציהט זיך ביז צום באַרג אונזערען... מיט דעם וועג וועלען מיר זיך פֿון דאַנען לאָזען...

עֶר איז מיר אומבעקאַנט, נאָר דאָס שפּיר איך, אַז פֿון טויט גלייך צום לעבען פֿיהרט ער...

מירל. איך וועל נאָך האַלטען פֿערמאַכט די אויגען אין די רעד... רעד...

דער אומבעקאַנטער. אין די?

מירל. איך וועל פֿיהלען. — פֿיהלען... פֿיהלען...

דער אומבעקאַנטער. פֿיהלסטו?

מירל. אַלץ פֿיהל איך... איך פֿיהל, איך זעה, איך פֿיהל, איך זעה...

דער אומבעקאַנטער. איז גוט. אָבער דער וועג איז אַ שווערער און אַ לאַנגער, ביז מיר וועלען זיך פֿון דאַנען אַרויס־קלייבען... דער טאָג לייכט שוין, און מיר וועלען זיך בייצייטען פֿון דאַנען לאָזען... געדריקט לייב צו לייב וועלען מיר געהן און אויפ'ן וועג וועל איך דיר גאָר שענעס דערצעהלען... לאָמיר געהן.

מירל. (דערשראָקען). און דער זיידע?

דער אומבעקאַנטער. דער זיידע איז דאָך אייז־טויט.

מירל. ווילסטו, איך זאָל איהם לאָזען?

דער אומבעקאַנטער. מיר וועלען זאָגען מענשען, וועלכע האָבען אַנ'עסק מיט טויטע קערפּער, וועלען זיין גוף אויך צום קבר ברענגען.

מירל. אָבער מיין זיידע איז ער דאָך!

דער אומבעקאַנטער. אָבער וויַיט איז ער פֿון דיר.

מירל. איך זעה דאָך איהם — אָט ליגט ער דאָך...

דער אומבעקאַנטער. דאָס, וואָס דו זעהסט איז ניט מעהר ווי אַ שאָטען פֿון דעם, וואָס דו ביזט ביז אַהער געוועהנט געווען צו זעהן. לאָמיר געהן פֿון דאַנען. (ער הויבט זיך אויף און האַלט זי פֿעסט אַרומגענומען).

מירל. וואוהין פֿיהרסטו מיך?

דער אומבעקאַנטער. (פֿיהרט זי). צום לעבען, קום!

מירל. לאָז מיך, מיך ציהט צום זיידען מיינעם, ער ווינקט צו מיר, כ'קען איהם ניט לאָזען...

דער אומבעקאַנטער. (פֿיהרט זי). קום, איך וועל דיר אויפ'ן וועג נאָר שענעס דערצעהלען.

מירל. (ברעכט אויס מיט אַ געוויין). זיידע! זיידע! איך קען דיך ניט לאָזען!...

דער אומבעקאַנטער. דאָס לעבען רופֿט — דאָס לעבען...



איך וועל דיך לאָזען, אָבער דיין נשמה איז ביי מיר — זי וועט שוין דיין גוף אויך מיטציהען... (געהט פֿון באַרג).

מירל. (געהט איהם ניט ווילענדיג נאָך. וויינט יאָמערליך). זיידע!... זיידע... איך געה און ווייס ניט וואוהין... ראַטעוועט מיך!... (זי ווערט פֿערשוואונדען אונטערען באַרג... איהר קול הערט זיך נאָך שרייענדיג „זיידע!“... „זיידע!“... שטיל).

(פֿאָרהאַנג).

———

## דריטעס בילד.

ביים ברעג טייך. זומער פאר-נאכט. דער ברעג איז בעדעקט מיט א ווייסען זאמד און בעוואקסען מיט לאנגע שיטערע גראז. וואו ניט וואו א געלב בלומעל. פון ווייטען אנטקעגען זעהט זיך דער צווייטער ברעג, בעוואקסען געדיכט מיט יונגע ביימלעך. פון דארט טראגט זיך דאס צוויטשערען פון פויגלעך. עס לאזט זיך אראב די זון און דער גאנצער הימעל איז רויט. פון דער אנדער זייט הימעל שווימען ארויס דיקע כמארעס און עס קלייבט זיך אויף א רעגען.

מירל (שטעהט א היבשע צייט אויף דער זייט און קוקט גלייך צום זון-אונטערגאנג מיט גרויס בענקעניש אויפ'ן געזיכט. ערוואכענד). אך! דארטען איז דאס גאנצע גליק... דארטען איז עס. וואלט דער טייך אזוי ברייט ניט געווען, וואלט איך איהם אריבערגעשפרונגען; ווען דאס וואסער וואלט דא ניט אזוי פינסטער געווען, וואלט איך אפשר... (טראכט א ווייל). ווי דעם ווידענ'ס אייגען אין יענער נאכט זעהט דאס וואסער אויס... (זעצט זיך אויף דער ערד דעם קאפ בעהאלטען מיט די הענד).

יאכנע. (קומט אן פון ווייטען, שלעפט א קלאץ).

מירל. ניין, ביי טאג קאן ער ניט קומען... ביי נאכט האט איהם דאס וואסער מיט געוואלד געבראכט צו מיר... דער טאג האט איהם פון מיר אבגעריסען... גלייך מיט זון-אונטערגאנג איז ער פון מיר פערשוואונדען געווארען... באלד פערגעהט די זון... רויט דער הימעל — ס'ברענט... ס'ברענט...

יאכנע (שרייט פון ווייטען). וואס שטעהסטו דארט?! אויף וועמען ווארסטו דארט?!

מירל. (קוקט זיך ניט אום). דאס איז די צווייטע גרעניץ, וואס שטעהט מיר צווישען לעבען... דער טייך, דער פינסטערער טייך שרעקט מיך יעדעס מאל, ווען כ'וויל זיך אויף יענער זייט אריבערקלייבען, און זי... וואס וויל זי פון מיר?..

יאכנע (פון ווייטען). עס ווערט נאכט, וואס שטעהסטו דארט?

מירל. וואס האט זי מורא פאר דער נאכט! וואס שרעקט איהר די נאכט? צי איז איהר אומגליק אין גליק אויך אין דער נאכט פערבארגען?

יאכנע (ווארפט אראב דעם קלאץ). זאג, וואס ווילסטו דא.



קום א היים, עס ווערט נאכט. מארגען דארף מען פריה אויפשטעהן. בייגינען, נאך איידער דער האן וועט קרייען, וועלען מיר זיך אויסקלייבען אין פאהרען צום צדיק. ער איז איצט אינגאנצען דריי מייל פון דאנען.

מירל. זאג, פון וועלכער זייט דארף ער אנקומען, דער צדיק?

יאכנע. (ווייזט אויף הינטער זיך). פון דארטען.

מירל. (מיט פערדרוס ווייזט אויפ'ן זון-אויפגאנג). זעהסטו, דארטען פערגעהט יעדען טאג די זון, און איך קאן דעם טייך ניט אריבערגעהן.

יאכנע. וועה איז מיר און ווינד. משוגע, משוגע... בעשטראפט מיט ביידע הענד...

מירל. וואס פאר א באלקען טראגסטו עס?

יאכנע. אז דיין פערשטאנד האט דער וואס אין הימעל ביי דיר צוגענומען... כ'האב עס אין פעלד וואלענדיג געפונען... כ'האב עס דערקענט — פון אונזער שטוב.

מירל. פון אונזער שטוב? נעהם ווארף עס אין טייך אריין. זאל עס דאס וואסער פערטראגען, כ'וועל עס באלד אליין...

יאכנע. ניט דערוועג דיך עס צו טהאן!

מירל (געהט אב אין א זייט). „דאס לעבען"... „דאס לעבען"... וואו זענען זיי, די פאלאצען, וואס ער האט געזאגט? „פריי בויט דאס לעבען אונטער'ן הימעל גאלדענע פאלאצען אין בריליאנטען און רובינען געפלאסטערט"... דארטען זענען זיי. אהן איהם וועל איך זיי ניט געפינען... אהן איהם קאן איך אפילו דעם טייך ניט אריבערגעהן, און ער איז דארט אויף יענער זייט. פון יענער זייט טייך איז ער געקומען, ביי נאכט, און דער פינסטער האט ער זיך בעוויזען און מיין געפרארען לייב געווארעמט (צו דער אלטער). געה א היים! איך וויל אין דער נאכט אליין מיט דיר ניט בלייבען... געה דיר, געה — אדער א ניט, העלף מיר דא א פאראם אויסבויען, וועל איך מיך אויף יענער זייט אריבערקלייבען.

יאכנע. די הייליגע נשמה פון דיין מאמען, די קדושה זאל פאר דיר ביים כסא-הכבוד בעטען.

מירל. די מאמע איז דעם ווידענס א טאכטער געווען, געה, איך שרעק מיך פאר איהר.

יאכנע. דער הייליגער נאמען פון דיין טאטען דעם קדו"ש זאל דארט אין הימעל פאר דיר תפילה טהאן.

מירל. (אונרוהיג). באבע, לאז מיך!

יאַכנע. דער כשר'ער נאָמען פֿון דײַן ייִדען דעם קדיש זאָל דעם גאַנצען הימעל איפֿריהרען און פֿאַר דיך בעטען.

מירל. ווען הי שווײַגסט ניט, שפּרינג איך באַלד אין טײַך אַרײַן, אָט דאָ, וואו דאָס וואַסער איז פֿינסטער און שוואַרץ... ווי זיס איז דער געזאַנג דאָרט צווישען די בוימלעך, — אַלץ איז איף יענער זײַט. נאָך זײַן פֿערשווינדען זענען דאָרט די בוימלעך איסגעוואַקסען... אפֿשר האָט ער זיי אַליין פֿערפֿלאַנצט, אפֿשר זיצט ער דאָרט אַליין און וואַרט איף מיך... אפֿשר זײַן קול קלינגט עס ווי פֿייגעל־געזאַנג...

יאַכנע (שלעפּט זי פֿאַר'ן אַרבעל). קום, עס וועט באַלד אַ רעגען געהן.

מירל. יעדעס מאָל דוכט זיך מיר, אַז בײַ נאַכט איז ער געקומען און האָט אַ פֿאַראָם איסגעבויט, איך זאָל קענען גלײַך אַריבערגעהן און מיך לאָזען צו יענע פּאַלאַצען. (רײַסט איס עטליכע געלע בלומלעך און וואַרפֿט זיי אין טײַך). טראָגט עס, טראָגט עס, וואַסער. טראָגט עס ווײַטער, גלײַך צו אים... זאָגט אים, אַז מיר איז ווידער קאַלט. זאָגט אים, אַז כ'וועל פֿערפֿראָרען ווי אין יענער נאַכט, ווען דאָס וואַסער האָט אינז איף אַ בערגעל פֿערטראָגען... זאָגט אים, אַז כ'האָב בײַ זיך אין הארצען זײַן וואַרעמקײַט בעהאַלטען, נאָר איך קאָן שוין מעהר ניט... כ'קאָן עס שוין מעהר ניט איפֿהאַלטען... ווען דער לעצטער היץ וועט אַרויסגעהן, שטאַרב איך... (טראַכט אַ איך ווער אַ שטיק אײַז, ווי דער ייִדע דעמאָלסט... ווײַלע. צו דער אַלטער). וואָס וואַרסטו דאָ? דיך האָט דער ייִדע איף דער וועלט געלאָזען, הו זאָלסט מיך שרעקען? אין דײַנע איגען איז אַזוי פֿינסטער, ווי בײַם ייִדען אין יענער נאַכט, ווען ער האָט אַזוי שווידערהאַפֿט גערעדט...

יאַכנע. איך וועל ריפֿען מענשען. מען וועט דיך בינדען און מיט געוואַלד צום צדיק פֿיהרען.

מירל. (שפּאַצירט אים בײַם ברעג, זינגט).

אין פּאַלאַצען ריבינגען פֿיל
שטעהט אַ הייליגער שעהנער שטיל,
ווי אַ מלאך זיצט ער דאָרט...
ווי אַ מלאך זיצט ער דאָרט...

יאַכנע. מיט שוואַרצע געדיכטע וואָלקען ווערט דער הימעל פֿערצויגען, באַלד וועט אַ שלאַקסרעגען גיסען, און הו וועסט אַ נאַקעטע אונטער'ן הײַלען הימעל בלײַבען.

מירל. (מיט שמחה). אַ רעגען וועט באַלד געהן! די כמאַרעס



ווערען שטאַרקער, געדיכטער און שוואַרצער... ס'וועט אַ רעגען גיסען — אַ מבול וועט ווערען... ס'וועט ווידער אַלע פֿאַראָמען אַראָבטראָגען, ווי דעמאָלסט, ווען איך בין נאָך אַ קינד געווען... ווען ס'האָט די וועלט פֿערפֿלייצט, ווען כ'האָט דעם פּריץ'ס שטוב פֿערטראָגען... מיט'ן וואַסער וועט ער קומען, אַלע פּאַלאַצען — דאָס גאַנצע לעבען וועט ער מיט זיך ברענגען. (ס'הערט זיך אַ מורמלען פֿון אַ ווײַטען הונערן).

יאַכנע. אָט הונערט שוין ערגיץ, קום גיכער אַהיים, כ'וועל דאָ מיט דיר נישט בלײַבען.

מירל. באַלד, באַלד וועט עס געשעהן. איך הער שוין דעם אָנזאָג דורך די הונערען, באַלד וועט זיך דער הימעל שפּאַלטען, פֿײַערדיגע בליצען וועלען אומליפֿען, כ'וועל זיצען און וואַרטען, (זעצט זיך בײַם רעכטען ברעג און קוקט אַריבער ווײַט פֿון זיך).

יאַכנע (זעצט זיך פֿון ווײַטען). נישט גוטע, מלאכי הבלה האָבען זי אַרומגערינגעלט און לאָזען זי נישט רוהען. וואָלט ווער ס'איז הירכגעהן, וואָלט מען זי מיט געוואַלד פֿון דאַנען צוגענומען.

מירל. אַך! ווען איך וואָלט קאָנען קוקען, קוקען ביז איף יענער זײַט וועלדעל... איך שפּיר, אַז דאָרטען ערגיץ זיצט ער — קום! קום! איך שפּיר, אַז הי ביזט ניט ווײַט פֿון מיר — קום! באַלד וועט זיך דאָס וואַסער פֿון די ברעגעס ווידער אַרויסלאַפֿען — איך שפּיר עס, די הונערען זאָגען מיר עס אָן, און גאַנצען וועט זיך דאָס בימעל אין וואַסער בעהאַלטען. (וואַרפֿט אַ בליק צו דער אַלטער). וואָס וואַרטסטו?

יאַכנע. (קוקט זי שאַרף אָן אָהן ווערטער).

מירל. באַלד וועט אַ רעגען גיסען, עס וועט פֿלייצען פֿון אַלע זײַטען — געה בעהאַלט זיך אין שטוב... ווילסט זיך איף אַריבערקלײַבען איף יענער זײַט? דאָרט איז פֿאַר דיר גאָר נישטאָ. בלײַב שוין דאָ... געה אַהיים, געה (רעגט זיך איף) וואָס היטסטו מיך?! ווען ס'וועט פֿיל ווערען דער טײַך, וועל איך מיך איף יענער זײַט אַריבערקלײַבען. (געהט אים מיט גרויס שמערצען איפֿ'ן געזיכט). עס ציהט מיר אַלע גלידער, עס ציהט מיר מײַנע הענד, מײַנע פֿיס... עס ציהט מיר מײַן הארץ! איך קאָן שוין מעהר נישט אײַנהאַלטען אין זיך דעם לעצטען היץ וואַרימקײַט... פֿינסטערער, פֿינסטערער...

יאַכנע. (טהוט איס פֿון איהר האַלז אַ קמיע, געהט צו שטיל צו מירל'ען און טהוט איהר אָן איפֿ'ן האַלז). העלף מיר, רבונו של עולם! רײַס זי אַרויס פֿון די מלאכי הבלה, וועלכע האָבען זי פֿערכאַפּט אין זייער נעץ...

מירל. (וואַרפֿט די קמיע אין וואַסער אַרײַן).

יאַכנע. געוואַלד! וואָס וועט איצטער זײַן? (וויל קריכען אין טײַך). וואָס האָסטו געטהאָן?! דעם לעצטען פֿונק אין טײַך געוואָרפֿען!

מירל. אַליץ וועל איך מיט'ן וואַסער אַוועקלאָזען, ביז כ'וועל מיך אויף יענער זײַט אַריבערקלײַבען.

יאַכנע. פֿערפֿאַלען, פֿערפֿאַלען, צום גרונד געגאַנגען... כ'וועל לויפֿען רופֿען מענשען, מען זאָל זי פֿון דאַנען וואָס גיכער צונעהמען... דאָ בײַם טײַך איז דאָס נעץ פֿאַר איהר געשפּרייט. (לויפֿט אַוועק מיט אַלע כּחות, מאַכט מיט'ן קאָפּ און מיט די הענד).

מירל. (קוקט איהר נאָך). איצטער בין איך אַליין געבליבען... איצטער וועל איך אַליץ מיט'ן וואַסער אַוועקלאָזען. (שלעפּט דעם באַלקען צום ברעג און וואַרפֿט איהם אין וואַסער). זאָל ער געהן אַהין, וואוהין דאָס גאַנצע שטיבעל איז פֿערשוואומען (טראַכט אַ ווײַלע). די איז נאָך מענשען געגאַנגען, און איך וועל מיך באַהאַלטען... כ'וועל מיך דער פֿינסטערער נאַכט איבערגעבען. (עס בליצט. די ציטערט אויף). עס בליצט! קיינער איז מיט מיר ניטאָ... (מיט פֿרייד). וואָס זעה איך עס פֿון ווײַטען?! מיט'ן וואַסער... אַ פֿײַערעל שווימט און אַרום איהם מענשען... אפֿשר שווימט ער מיט די גאָלדענע פּאַלאַצען... ווי גיך!.. דאָס וואַסער טראָגט זיי... טראָגט זיי... (קוקט אינגעדולדיג אַ ווײַלע אַרויף צום וואַסער). האַלט! האַלט אָב! עס בעווײַזט זיך אַ פֿײַער אויפ'ן טײַך... דאָס גאַנצע וואַסער ווערט בעליכטען).

אַ שטימע. (פֿון טײַך אַרויס). ניט ווײַט אַ דאָרף, מענשען?

מירל. האַלט אָב, האַלט?

צווייטע שטימע. האַלט אָב דאָס געהיליץ!

ערשטער. פֿון אַ נאָהענטען דאָרף?

מירל. ווי גוט! דאָס געהיליץ האָט איהר געבראַכט אַ פּאַראָם צו ציהען? מאַכען אַ וועג צו יענע פּאַלאַצען?..

צווייטער. די איז משוגע.

מירל. ניט לאָזט זיך גלײַך מיט'ן וואַסער... דאָס וואַסער וועט אײַך פֿערטראָגען. דאָס וואַסער האָט אַליץ פֿערטראָגען... מײַן טאַטען, איהם... די קמיע... מײַן גליק...

צווייטער. פֿון וואַנען ביזטו?

מירל. (ווײַזט אויף יענער זײַט טײַך). איך בין פֿון דאָרטען, איך בין דאָ, נאָר איך בין דאָרטען... זעהט עס וועט באַלד אַ מבול



ווערען... איהר זעהט דעם הימעל... ווען דאָס וואַסער וועט זיך הויבען, וועל איך אַריבער אויף יענער זײַט...

צווייטער. וואָס דאַרפֿסטו אויף יענער זײַט? קום מיט אונז.

מירל. איהר פֿאָהרט מיט'ן וואַסער... איהר קאָנט ניט וויסען, וואָס אויף יענער זײַט איז. (עס דונערט).

ערשטער. די איז משוגע, לאָזט דאָס געהיליץ. ביז רעכט פֿינסטער וועלען מיר נאָך אַ פּאָר ווייאָרסט אָבפֿאָהרען. (דאָס פֿײַער פֿערשווינדעט)...

מירל. (שטעהט אַ ווײַלע און קוקט אין דער זײַט, וואו דאָס פֿײַער פֿערשווינדט. פּלוצלונג זעהר אונרוהיג). אַליץ פֿערשווינדעט פֿון מיר, אַליץ פֿערשווינדט, אַליץ איז צו מיר אין דער פֿינסטער געקומען און אין דער פֿינסטער ווערט אַליץ פֿון מיר פֿערשוואונדען... מײַן האַרץ האָט ער פֿון מיר צוגענומען און זײַנס האָט ער בײַ מיר געלאָזען... מײַן האַרץ האָט זיך קיין מאָל אַזוי ניט געריסען... מײַן האַרץ האָט קיין מאָל אַזוי ניט געבענקט... מײַן האַרץ האָט ניט געוואוסט, אַז אויף יענער זײַט איז אַליץ פֿאַרהאַן... מײַן האַרץ האָט ער בײַ מיר פֿערנומען און מיך אויף דער זײַט געלאָזען... (טראַכט אַ ווײַלע). אפֿשר האָב איך צוזאַמען מיט דער קמיע מײַן האַרץ פֿערלאָרען?... ווען איך פֿלעג זיצען מיט'ן זיידען, איז מײַן צונג שטום געוועזען. איך בין נאַריש געוועזען און מײַן האַרץ איז רוהיג געוועזען. איך קאָן שוין מעהר ניט אויסהאַלטען... (עס דונערט). דער הימעל בייזערט זיך אויף מיך. וואָלט שוין אַ רעגען גיסען! עס דונערט און קיין רעגען איז נאָך אַליץ ניטאָ... (טראַכט אַ ווײַלע). וואָס האָבען די מענשען נאָר וואָס געוואָלט פֿון מיר? וואוהין האָבען זיי מיך געוואָלט פֿיהרען? וואוהין געהט דאָס וואַסער?... פֿינסטערער, פֿינסטערער ווערט אַרום... דעם זיידענס אויגען בלאָנדזשען שוין ווידער אַרום פֿאַר מיר... זיי קוקען מיר שוין אָן פֿון אַלע זײַטען — וואָס ווילען זיי פֿון מיר?! אַך דאָרטען ווינקען צו מיר זײַנע אויגען... ליכטיגע... שײַנען ווי צוויי ליכטיגע דימאַנטען... און דעם זיידענס אויגען — און וואָס ווילען זיי פֿון מיר?! (עס דונערט שטאַרקער). קאַלט... מיר ווערט קאַלט. דער פֿראָסט כאַפּט מיך אַרום... (בלײַבט שטעהן צושטרייט, קוקענדיג אויף יענער זײַט).

יאַכנע. (איהר קול הערט זיך פֿון ווײַטען). מיט געוואַלד. בינדען, מיט געוואַלד זי פֿון דאַנען צונעהמען. (קומט אָן מיט איהר נאָך אַ פּאָר מענשען).

מירל. (דערשראָקען). זיי געהען. מיט געוואַלד... כ'וועל מיך ניט לאָזען... צוריק וועל איך ניט געהן!...

עֶרשטעֶר. מיט געֶוואַלד וועֶלעֶן מיר זי צום צדיק פיהרעֶן. בינדעֶן!

יאַכנעֶ. ראַטעֶוועֶט מיר מיין קינד! ראַטעֶוועֶט מיר מיין קינד!

מירל. לאָזט מיר... לאָזט מיר! איך האָב קיין נשמה ניט... לאָזט מיר צום לעֶבעֶן...

עֶרשטעֶר. (נעֶהמט מירלעֶן פאַר'ן האַנד). קום מיט מיר.

מירל. כ'וועֶל שטאַרבעֶן, ווען איהר נעֶהמט מיך נאָר צו פון דאַנעֶן!

יאַכנעֶ. דאָס נעֶץ ווערט שטאַרקעֶר... נעֶהמט זי צו וואָס גיכעֶר!

עֶרשטעֶר. (וויל זי פיהרעֶן).

מירל. איהר רייסט מיך אָב! עֶס ווערט מיר פינסטעֶר אין די אויגעֶן! עֶס דרעֶהט זיך מיר מיין קאָפּ!.. לאָזט!

יאַכנעֶ. ראַטעֶוועֶט, ראַטעֶוועֶט, נעֶהמט זי צו פון דאַנעֶן! (עֶס דונעֶרט)!

מירל. (וועֶהרט זיך שטאַרק). איהר רייסט מיך פון לעֶבעֶן אָב... כ'בין שוין אַזוי ווייט פון מיין היים פעֶרגאַנגעֶן... (מיט שמחה, זי זעֶהט וואָס פון ווייטעֶן.) דו ביזט דאָ! קום שוין גיכעֶר!.. עֶר ווינקט! עֶר הופּט!.. גיכעֶר קום, רייס מיך אַרויס פון זייעֶרעֶ הענד, כאַפּ מיך אַרום פעֶסט ווי דעֶמאָלט ביי נאַכט... איך וועֶר ווידעֶר פעֶרפראָרעֶן... גיכעֶר... זיי רייסעֶן מיך פון דיר אָב... עֶר געֶהט אין נאָך איהם אַלעֶ גאָלדעֶנעֶ פּאַלאַצעֶן אין רובינעֶן געֶפלאַסטעֶרט... אַהעֶר! אַהעֶר!. —

יאַכנעֶ. אום גאָטעֶס ווילעֶן נעֶהמט זי צו פון דאַנעֶן... רייסט זי פון דעֶם נעֶץ אַרויס.

עֶרשטעֶר. איך שרעֶק מיך.

צווייטעֶר. (שטאָליץ). גאָט איז מיט אונז! זאָלעֶן מיר זי נאָר נעֶהמעֶן (עֶר נעֶהמט זי פעֶסט אָן).

מירל. (שרייט פעֶרצוויפעֶלט). ראַטעֶוועֶ מיך! ראַטעֶוועֶ מיך... רייס מיך פון זיי... (זיי פיהרעֶן זי אַוועֶק מיט געֶוואַלט. איהר יאָמעֶרליכעֶר געֶשריי ווערט אַלץ שוואַכעֶר און שוואַכעֶר... עֶס בליצט און דונעֶרט. שטיל).

מירל. (ליופט מיט אַלעֶ כחות גלייך צום טייך — שרייט): גלייך צו איהם... ביזט געֶקומעֶן! נעֶהם מיך אַרום שטאַרקעֶר שטאַרקעֶר... איך שפרינג צו דיר — מיין גליק! מיין לעֶבעֶן... כאַפּ מיך!



(וואַרפט זיך אין טייך אַריין. ס'הערט זיך אַ פּליעֶסק פון דעֶם וואַסעֶר... אַ בליץ בעֶלייכט די גאַנצעֶ געֶגעֶנד אייניגעֶ סעֶקונדעֶן. פון ווייטעֶן זעֶהט זיך ווי יאַכנעֶ און די מעֶנשעֶן ליופעֶן צום טייך מיט ווילדעֶ אויסגעֶשרייעֶן. אויף יעֶנעֶר זייט טייך בעֶווייזט זיך דער אומבעֶקאַנטעֶר ווי אין אַ בלאַסעֶן שיין בעֶגאָסעֶן).

(פאָרהאַנג).

# קברים=בלומען

## א דראמאטישער עטיוד

פון

## פרץ הירשביין.

גאווידמעט — לילי).

---

### פערזאנען:

אלחנן.

נעמי.

בעלא, עלטערע טאכטער.

רבקה, יונגערע טאכטער.

נחמיה.

---

א גרויסער צימער שוין געמעבלירט. לינקס צוויי פענסטער, וועלכע קוקען ארײן אין א גארטען. נעבען זיי א ווייכער דיוואן, אנטקעגען א טיהר אין א צווייטען צימער. אין דער רעכטער וואנד נאך צוויי טיהרען.

פארנאכט.

בעלא (ליגט אויפ'ן דיוואן. קוקט זיך אום יעדער ווײלע שטארק אײנרוהיג).

נעמי (עפענט די טיהר רעכטס, קומט ארײן).

בעלא (שפרינגט אויף דערשראקען). ווער איז עס?!.. כ'האב געהערט טריט אונטער דער טיהר... דאס ביזטו מאמע?

נעמי. ווידער ביזטו אליין; וואס בלייבסטו רק אליין אין שטוב?...

בעלא: לאז מיך, מאמע!

נעמי. אבער וואס בלייבסטו רק אליין? וואו איז רבקה?

בעלא. איך בין ניט אליין; איך בין ניט אליין. (בעווייזט צו דער טיהר אנטקעגען), איך הער זיך צו צו יעדער טריט אין יענעם



צימער... ווען איך הער נאר זיינע טריט, שפיר איך זיך שוין ניט אליין.

נעמי (פערזארגט). דער ווידע איז דארט?

בעלא. דער ווידע איז דארט. איך הער, ווי זיכער אין שטאלץ איז זיין טריט, ער שפירט גאר ניט, וואס ארום איהם איז.

נעמי. טאכטער מיינע, ניט מאך מיר גרעסער דעם טרויער מיינעם. גענוג האט מיך שוין דער, וואס אין הימעל, בעשטראפט. זעה, איך האב שוין ניט קיין טרערען צו בעוויינען דאס אונגליק.

בעלא. וואו איז רבקה? וואס זעהט מען זי ניט דעם גאנ־צען טאג? זי געהט אום אליין אינטער'ן שטאדט. ס'איז שוין באלד נאכט — און זי איז נאך ניטא.

נעמי. פאר איהר שרעקט מיר גאר דאס הארץ. ביי נאכט האב איך געהערט, ווי זי האט געלאכט פון שלאף — אבער שטארק געלאכט, כ'האב זיך דערשראקען.

בעלא (קוקט זיך ארום צושטרייט). ביי נאכט האט זי גע־לאכט. זי לאכט שטענדיג. איהר פנים לאכט אליין, איהרע אויגען לאכען אויך... וואו איז זי איצטער — רבקה?

נעמי. קום, טאכטער מיינע, אין גארטען. וועסט זיך אבי־סעל אבפרישען.

בעלא. נחמיה איז גאר היינט ניט געוועזען? האסט איהם גאר ניט... נחמיה איז... זעץ זיך נעהענטער צו מיר, מאמע. כ'האב געמיינט, אז ער וועט קומען... עס שוועבט וואס ארום אין אלע ווינקעלעך. ווען איך געה ארום, ווען איך ליג און האלט אפילו פעסט פערמאכט די אויגען, זעה איך שטענדיג איינס: ער געהט זיכער אום, און נאך איהם שפאצירט נאך עפעס איינער מיט טוי־טענדער אויגען... און זיינע גלידער קנאקען א ביין אין א ביין.

נעמי. וואס איז מיט דיר, טאכטער מיינע?! וואס זעהסטו?

בעלא. איך זעה... איך שפיר... מיר דוכט זיך, אז יעדע נאכט לאזט זיך אראב א גרויסער, שווארצער פליגעל איבער אונזער שטוב... איך זעה יעדע נאכט... מאמע! וואו איז מיין שוועסטער? פאר וואס האסטו מיין שוועסטער רוהיגקייט געשענקט?...

נעמי. קום, מיין קינד. אונטער איין הארצען האב איך אייך ביידען אויסגעטראגען; פון איין מילך האט איהר ביידע געזויגען... קום.

בעלא. איך קען דעם ווידען אליין ניט לאזען.

נעמי (פיהרט זי). קום מיט מיר; קום מיט מיר... (געהען ארויס).

(פויזע).

נחמיה (קימט אריין. קלאפט אין טיהר אנטקעגען).

אלחנן (עפענט די טיהר). ווער קלאפט עס? (בעמערקט נחמיה'ן) אך, נחמיה! איהר זענט עס. כ'האב שוין היינט געטראכט וועגען אייך. (קיקט זיך ארים) איז גאר קיינער אין שטיב ניט געוועזען? איך האב געמיינט, אז רבקה איז אין שטיב. כ'האב געמיינט, אז זי שטעהט אינטער דער טיהר און הערט זיך צי... (שמייכעלט) אלץ געהט איבער בירושה: קינדווייז פלעג איך האלט האבען שטעהן אינטער דער טיהר און ציהערען זיך, וואס מען רעדט... איז גאר קיינער ניטא?

נחמיה. פון ווייטען, דיכט מיר, האב איך געזעהען בעלא'ן מיט איהר מיטער. זיי זענען אין גארטען געגאנגען.

אלחנן. זעהר גיט. איך היט זיך פון זיי. ווייבער מאכען דעם טרויער נאך גרעסער. זיי האבען מיר מיין קאפ מיט טרערען נאס געמאכט. — וואו איז רבקה?

נחמיה. איך האב זי ניט געזעהען.

אלחנן. דאס איז נאך דער איינציגער קוואל פון אינזער לעבען. (קלאפט נחמיה'ן איבער'ן פלייצע) ני, דערצעהלט מיר וואס!

נחמיה. וואס קען איך אייך דערצעהלען, אז ס'זאל זיין פאסענד פאר אייך?

אלחנן. אלץ איז פאסענד פאר מיר... כ'האב אלץ אין מיין לעבען איבערגעלעבט. — נאר שווער איז צי טראגען יוגענד אין קבר אריין... (זעצט זיך אויפ'ן דיוואן, קלערט א ווייל). יא, איהר זענט נאך יונג — זאגט מיר, וואס פיהלט א יונג הארץ?

נחמיה. עס האפט, עס לעבט — אויב האפנונג אין לעבען איז אין דעם פאראן.

אלחנן. אויב לעבען איז אין דעם פאראן... מהום... אין מיין שטוב איז געשעהן, אייגענטליך, א גאנץ געוועהנליכע זאך: מיין זון איז ביי מיר געשטארבען. ס'האט געמוזט אזוי זיין: נאר אינטעראהים האט זיך ווער אין מיין שטוב אריינגעגנב'עט... ניט גאנץ רוהיג איז דא ארים... יא, נחמיה; שווער צי טראגען מיט זיך סודות אין קבר אריין.

נחמיה. רבקה איז שוין לאנג אוועקגעגאנגען?

אלחנן. די פעלדער זענען שוין אפגעשניטען, יא? די גארבען אויך אראפגעפיהרט? עס גיסט רעגענס, און די פעלדער מוזען שוין געוויס זיין שווארץ... שווארץ געווארען. געוויס האט געמוזט



בלייבען גארבען אינטער'ן רעגען... שטעהן שווארץ. וועלען שוין צופוילט ווערען...

נחמיה. עס געהט גאר קיין רעגען ניט. היינט איז זעהר שען.

אלחנן. צווישען די שווארצע פעלדער קריכען ארים שווארצע קראהען און שרייען.

נחמיה. איך האב ליעב צו זיין אין פעלד אין א הייסען זימערטאג. די שניטער און שניטערינס קלייבען זיך צינויף אין איין בינטעל און זינגען, און שטיפען...

אלחנן (ערוואכענד). ווער קלאפט עס אין מיין וואנד!.. מען קלאפט... וואס קיקט איהר מיר אזוי אן, נחמיה?

נחמיה. איך קיק, ווי עס שפיעלט נאך די יוגענד אין אייערע אויגען.

אלחנן (זיין קול ציטערט). אך, וואו זענען זיי מיינע קינדער?... וואו האבען זיי מיך געלאזען? שטיל און רוהיג בין איך ביי מיין מאמען אין שוים געזעסען: געלעגט מיין קאפ אויף איהר מילדען ברוסט. פון אפענעם פענסטער האט א זאנפטער ווינד געטראגען און געגלעט מיין פער'חלומ'ט געזיכט... יא, דאס האט דער שטורם-ווינד זיין יונגערן ברודער, צו מיר געשיקט... דאס הארץ מיינס האט געציטערט... שטארק געציטערט (קיקט זיך ארים), ווער קלאפט עס אין מיין וואנד? הא?.. יא, נחמיה. איך האב געהערט אז איהר רעכענט אין וועג אריין זיך לאזען?

נחמיה. ס'ווילט זיך ניט שלאפען דעם גאנצען לעבען אויף דעם ארט, וואו מיין קבר דארף זיין. א מענש דארף יאהרען טאג אויף דאס ניי געבוירען ווערען?

אלחנן. א שטורם האט זיך אין מיין שטוב אריינגעריסען... פרעמד איז מיין מאמען דער שטורם געוועזען; זי האט מיר וועגען איהם גאר ניט געדאכט, גאר ניט געדאכט... יא, ער האט נאך מיר שלוחים געשיקט... ס'ברעכט זיך, ס'ברעכט זיך אלעס וואס ס'איז פערפלאנצט געוועזען... — ס'קלייבט זיך ניט אויף ארעגען?

נחמיה. די זון שיינט און ס'איז היינט בעזונדערס שען.

אלחנן (ערוואכענד). וואס, דו זאגסט עפעס?

נחמיה. איך זאג, אז איהר זענט נאך מונטער און פריש, ווי אין דער יוגענד.

אלחנן. מערקווירדיג! מיינע מיטעלע יאהרען זענען פון מיר אינגאנצען פערשווינדען געווארען און קינדערשע נארישקייטען שווי-

מען פאַר מיר אַרויס. איך בין קינדווייז אַ בעל-פחדן געווען. אונזער שטוב איז אויף אַ הויכען אָרט געשטאַנען, כ'פלעגט זיך זעהן די גאַנצע געגענד אַרום. דער טייך, וואָס איז ניט ווייט דורכגעגאַנגען, פלעגט זיך יעדע וויעסנע צוגיסען, אין די גאַנצע געגענד איז געשטאַנען אין וואַסער. אין שוואַרצע, אָהן בלעטער, פלעגען שטעהן די בוימער ביז העלפט אין וואַסער, אין פאַכען מיט די נאַקעטע צווייגען... כ'פלעג ביינאַכט מורא האָבען אַליין צו שלאָפען. מיר פלעגט זיך אויסדוכטען, אַז די בוימער הויבען זיך אָן ביינאַכט צו בעוועגען אין וואַנדערען אום איבער די בלאָטעס... ס'ווערט פינסטער... כ'וועל מיינע קינדער געהן זוכען... קינדער מיינע, קינדער מיינע! וואָס האָט איהר מיך פערלאָזען!...

נחמיה. איהר זענט ניט אַליין.

אלחנן. כ'האָב זיך גאָר פערפלוידערט... כ'האָב זיך גאָר פערפלוידערט. איך וועל געהן צו מיינע קינדער (געהט אַרויס פון שטוב) דאָס איז דער שטורם אַליין, דאָס איז דער שטורם אַליין...

נחמיה (בלייבט אַליין זיצען אויפ'ן דיוואַן).

(פויזע.)

רבקה (קומט אַריין, וואַרפט זיך נחמיה'ן אויפ'ן האַלז). ביזט דאָ! זאָג, וואָס האָסטו זיך אַזוי געשפעטיגט? כ'האָב שוין קיין כח ניט געהאַט צו וואַרטען אויף דיר (קוסט איהם). איך וויל לעבען — אין דאָ — אמת'ע טויט-שרעק... ס'איז גאָר ווידער ליכטיג געוואָרען... קיינער ניטאָ?

נחמיה. כ'האָב מיט'ן אַלטען פערבראַכט. זיינע אויגען בלאָנזשען אַרום דערשראָקען.

רבקה. בעלאַ איז אויך ניטאָ?

נחמיה. ניטאָ.

רבקה. זי ווייס גאָר ניט, אַז דו ביזט דאָ?

נחמיה. זיי מוזען אַלע אין גאָרטען זיין.

רבקה. דער זיידע איז אויך ניטאָ?

נחמיה. ניטאָ.

רבקה. אין די מוטער?

נחמיה. זי מוז היטען בעלאַ'ן, זי זאָל זיך ניט שרעקען.

רבקה (שיט אויס פון שירץ אַ באַרג פערשיעדענע בלומען). זעה, וואָס בלומען איך האָב געבראַכט! איך בין אינטערען שטאָדט געוועזען. דאָס האַרץ האָט מיר געזאָגט, אַז דו ביזט שוין דאָ... כ'האָב זיי אַלע פאַר דיר געריסען. די גאַנצע נאַכט האָב איך ניט



געקענט אַנ'אויג פערמאַכען. כ'האָב זיך קוים ביז פריהמאָרגען דערוואַרט, איך זאָל קענען פאַר דיר פרישע בלומען קלייבען... די מוטער האָט מיך ניט געלאָזט געהן, איך האָב זיך אַרויסגעגנב'עט — זעה, ווי שען דאָס איז!

נחמיה. ווייז, איך וועל דיר זיי אין דיינע לאָקען איינפלעכטען.

רבקה. כ'האָב מורא פאַר דער שוועסטער. זי וועט זעהן ביי מיר בלומען אויפ'ן קאָפּ. זי וועט פערשטעהן, אַז כ'האָב זיי אויפ'ן בית-עולם צווישען די קברים געריסען... הערסט, נחמיה, וואָס ביינאַכט איז געוועזען? די מאַמע האָט זיך אויך אויפגעכאַפּט פון שלאָף. איך האָב געדרעמעלט, נאָר די אויגען זענען ביי מיר געווען אָפען. אינגאַנצען אָפען... אין איך הער: עס עפענט זיך די טיהר; אין דערנאָך שטילע, גאָר שטילע טריט, קינדערשע טריט... אין איך זעה, מיין פיפע, וואָס כ'פלעג זיך מיט איהר שטענדיג שפּיעלען געהט אום איבער'ן שטוב... אָבער אַזוי שען! די בלאָנדע לאָקען איהרע צעוואָרפען אויפ'ן שטערען. כ'האָב זיך שטאַרק צולאַכט, — אָבער שטאַרק געלאַכט!

נחמיה. וואָס האָסטו געלאַכט?

רבקה. זי האָט ווי אַ קליין מלאכ'ל אויסגעזעהן. כ'האָב אויסגעצויגען די הענד אין געוואָלט עס אַ כאַפּ טהאָן אין אויפ'ן געלעגער אַרויפנעהמען. אין כ'האָב זיך פאַר מיין אייגענער נאָז געכאַפּט (לאַכט), כ'האָב אַזוי פיעל געלאַכט, אַז כ'האָב שוין ניט געקענט אויסהאַלטען... איצטער ביזטו דאָ — אָט האָסטו דיר! (שיט איהם אָב מיט בלומען) אָט האָסטו דיר...

נחמיה. וואו האָסטו זיי געריסען?

רבקה. כ'זאָג דאָך דיר, אַז כ'האָב זיי אויפ'ן בית-עולם געריסען. כ'האָב מורא: זיי קענען זיך נאָך אין שטוב דערוויסען, אַז כ'האָב זיי אויפ'ן בית-עולם געריסען.

נחמיה. געהסט אויך אויפ'ן בית-עולם?

רבקה. נאַרעלע! איך קלייב דאָרט נאָר די בלומען. די שענסטע בלומען וואַקסען אויפ'ן בית-עולם. זאָג מיר, נחמיה, ווער פערזייט עס דאָרט אַזוי פיעל בלומען?

נחמיה. דאָס זענען שענע געדאַנקען, וועלכע מען האָט דאָרט לעבעדיגערהייד בעגראָבען — איז פון זיי שענע בלומען אויסגעוואַקסען.

רבקה (בעקוקט די בלומען). אָך, ווי וואונדערליך! כ'האָב עס נאָך קיין מאָל ניט געוואוסט. (קוסט איהם) אַלעס דערצעהלסטו מיר,

אַלעס דערצעהלסטו מיר... ראָזען, רויטע ראָזען וואַקסען דאָרט אויך.

נחמיה. און גאַנצע בלומען־שטריכען האָסטו געזעהען?

רבקה. ניין.

נחמיה. אויף אַן אַנדער אָרט וואַקסט אויס אַ גרויסער שטרויס מיט אַלערליי בלומען.

רבקה. כ'האָב עס יאָ געזעהן — און אפשר האָב איך עס ניט געזעהן. — וואָס בעדייט עס?

נחמיה. דאָס איז אַ צייכען, אַז אויף יענעם אָרט האָט מען בעגראָבען אַ האַרץ... וואָס איז פול מיט ליעבע געווען, וועלכעס האָט מיט לעבען געשאָכען — איז אויף דעם אָרט אַ שטרויס בלומען אויסגעוואַקסען.

רבקה. (פערוואונדערט). קען מען אַ לעבעדיג האַרץ אויך בעגראָבען?

נחמיה. יאָ, עס טרעפט.

רבקה (פערטראַכט זיך). אַך, מיין שוועסטער מוז אויך קיין האַרץ ניט האָבען... געשטאָרבען איהר האַרץ... שוואַרצע פליגעל — זאָגט זי, הענגען איבער'ן שטוב...

נחמיה. דו פלוידערסט אויך?

רבקה. ווען איך וואָלט וויסען, וואָס פאַר אַ געדאַנק עס ליגט אין יעדען בלימעלע. זאָג, נחמיה, וואָס קען איטצער טראַכטען אָט דאָס בלויע בלימעל? (שיט נחמיה'ן אָפּ מיט בלומען), אָט האָב איך דיך מיט שענע געדאַנקען אָבגעשאָטען.

נחמיה. גיב, איך וועל אין דיינע אויגען קוקען און דיר אַ מעשה דערצעהלען.

רבקה. ווערסט עס פון מיינע אויגען לעזען?

נחמיה. איך וועל זי פון דיין האַרץ שעפען.

רבקה. קיינער איז ניטאָ?

נחמיה. קיינער איז ניטאָ!

רבקה. און טאָמער וועט ווער קומען?

נחמיה. ווער קען קומען?

רבקה. ני, איך וועל שוין מעהר ניט פרעגען. (ס'ווערט פינסטערער).

נחמיה (לעגט זיין קאָפּ אויף איהר שולטער).

רבקה. זעה, מיר זיצען אין בלומען.

נחמיה. דו האָסט עס זיי געבראַכט.

רבקה. אויפ'ן בית־עולם געריסען.



נחמיה. געדאַנקען געריסען... הייליג איז דאָס, וואָס ווערט אונשולדיג געטהאָן.

רבקה. ווערסטו מיר דערצעהלען?

נחמיה. עפען ברייט דיינע אויגען.

רבקה. גיב מיר דיין קאָפּ.

נחמיה. איז דיר וועניג מיין האַרץ?

רבקה. דו לאַכסט?

נחמיה. ווייט, גאָר ווייט — דאָרט, וואו דער הימעל לאָזט זיך איינגאַנצען אַראָב, דאָרט וואו די שטראַהלען פון אונזער זון קומען גאָר ניט צו, איז פאַראַן אַ וואונדערשעהנעס לאַנד, — דאָס לאַנד פון ליעבע און גלויבען...

רבקה. איז דאָרט פינסטער?

נחמיה. און דאָ איז פינסטער?

רבקה. ביי אונז אין שטוב?

נחמיה. יאָ.

רבקה. ני, כ'וועל שוין מעהר ניט פרעגען!

נחמיה. אין יענע מענשען האָט גאָר אַן אַנדער גאָט בעשאַפען — ליבע און גלויבען זענען דאָרט די מושלים. אַנשטאָט אַ האַרץ האָט דאָרט יענער גאָט די מענשען — אַ זון געגעבען, וועלכע שיט ליבע, גלויבען אויף אַלע וועגען, אויף אַלע שטעגען, וואו נאָר דער מענש זאָל אַ פוס ניט שטעלען... יענער גאָט האָט דאָרט ביי די מענשען אין די אויגען איינגעפאַסט פלאַמען הייסע, ווי די ליבע אַליין. און די זונענהערצער בלאָנזשען אום אין דעם וואונדערשעהנעם לאַנד. און ווען דורך ליעבע און הייסען גלויבען פרעסען, שליסען זיך ברוסט צו ברוסט און האַרץ צו האַרץ, ווערט ערשט דאָרטען דאָפעלט ליכטיג. עס שימערט, עס פינקעלט דער גאַנצער געגענד אַרום. און שטראַהלען שיסען אויף טויזענדער מיילען... און די מענשען פערשטעהן דאַמאָלסט דאָרט, אַז דאָס האָט אַ האַרץ אַ האַרץ געפונען. און עס טרעפט, אַז די שטראַהלען שלאָגען דורך דעם האַרטען הימעל, זיי רייסען דורך די שווערע וואָלקען און טראָגען זיך אין לופטען, ווי הייסע פיילען...

רבקה. פאַלען זיי אַמאָל צו אונז אויף דער ערד אויך אַראָב?

נחמיה. עס טרעפט.

(פויזע).

רבקה. איך וויל אין דיינע אויגען קוקען.

נחמיה. ווילסט וואָס פון מיין האַרץ שעפען?

רבקה. איך וויל דיר וואס דערצעהלען.

נחמיה. פון ליבע און גלויבען?

רבקה. אט וועל איך באלד בעטראכטען... פון בלומען — ניט? אמאל איז געווען א שטאדט... ניין — א דארף איז עס גאר געווען! און נעבען דארף א הויכער בארג, און נעבען בארג א טיפער טאל — גאר א טיפער טאל! ניט קיין מענש און ניט קיין פויגעל האבען געוואוינט פון יענעם טאל... ניין, פויגעל האבען יא גע=וואוינט! און פון הויכען בארג האט א קוואל געשאסען און פלעגט אין טאל זיך אראבקלייבען. און פון טאל פלעגט זיך דאס טייכעל שטיל ארויסשלענגלען און לויפען ווייט ווייט, אזש ביז דעם וועג אין דארף אריין. אמאל, ביינאכט, איז דורכגעפלויגען א מלאך אין לופ=טען, און ער איז געווען בעהאנגען מיט קליינע ריינע נשמה'לעך פון קליינע ריינע קינדערלעך. דאס האט ער זיי אויפגעקליבען פון אלע, אלע ווינקעלעך. געטראגען האט ער זיי אין בלאוען הימעל אריין אויף איבערנאכט. און ווען דער מלאך איז געווען איבער יענעם שטילען טאל, זיינען צוויי קליינינקע פערשלאפענע נשמה'לעך פון דעם מלאך'ס פליגעלעך אראבגעפאלען גלייך, גלייך אין טאל אריין. און דער מלאך האט עס גאר ניט געשפירט; ער איז גלייך צום הימעל אוועק=געפלויגען. און אין טאל ביים טייכעל זיינען געוואקסען צוויי ווייסע, שניי=ווייסע, שלאנקע ליליען. זיינען די צוויי נשמה'לעך אין די בעכער פון די צוויי ליליען אריינגעפאלען. די נאכט האט זיי פערשלעפערט. בעגינען, ווען די זון איז אויפגעגאנגען איז אויף זיי שטראהלען=ליכט געפאלען און זיי האבען זיך אויפגעוואכט. און איין נשמה האט ניט ווייט פון זיך א צווייטע דערשפירט... און ווען ס'איז געווארען א ווינטעל האט זיך געבויגען איין ליליע צו דער צווייטער און איין נשמה האט די צווייטע געקושט...

(איהר קאפ פאלט אויף נחמיה'ס שולטער).

(שטיל).

נחמיה. גיב מיר דיינע אויגען.

רבקה. ווילסט מיר וואס דערצעהלען?

נחמיה. איך וויל אין זיי יענעם טאל געפינען.

רבקה. און די צוויי נשמה'לעך?

נחמיה. יענעם פרישען קוואל.

רבקה. גיב מיר דיינע אויגען.

נחמיה. דו ווילסט וואס דערצעהלען?

רבקה. איך וויל יענעם לאנד געפינען.



נחמיה. ווילסט דארט יענע מענשען זעהן?

רבקה. איך וויל דארט יענע הערצער געפינען... ש=ש=ש! מען געהט!

נחמיה. זיי לאזען זיך שוין מיט'ן טרויער זייערן.

רבקה. בעלא'ס קול הער איך, דאס איז זי.

נחמיה. לאמיר אוועקגעהן פון דאנען.

נחמיה. לאמיר דורכ'ן פענסטער ארויסקריכען.

רבקה. לאמיר ארויסגעהן דורכ'ן פענסטער, אין גארטען אריין. מיר וועלען זיך צווישען די געדיכטע עפעל=ביימער בעהאלטען. נעהם די בלומען מיט.

נחמיה. קום, מיר וועלען דארט פרישע בלומען רייסען. (קריכען ארויס דורכ'ן פענסטער).

(פויזע).

אלחנן. (קומט אריין. נחמיה! נחמיה! ער איז ניטא? (קלערט א ווייל). פרעמד איז מיין מאמען שטורם געווען... פרעמד איז מיין יוגענד טויט=שרעק געווען... מען רופט מיך... ווער קלאפט? ווער קלאפט?..

בעלא. (קומט אריין. ווארפט זיך דעם אלטען אין די ארעמס). זיידע... זיידע! בעשיץ מיך. בעשיץ מיך... זעה, שווארצע פליגעל לאזען זיך אראב איבער אונזער שטוב... איך האב איהם געזעהען נעבען אונזער שטוב... ער געהט אום און זיינע גלידער קנאקען א ביין אין א ביין... עס קנאקען זיינע גלידער... זיידע... רעד וואס!.. וואס שווייגסטו?.. זאג כאטש איין ווארט... כאטש איין ווארט... איך שטארב פון שרעק...

אלחנן (שעפטשעט). מען קלאפט... מען קלאפט...

בעלא. רבקה! וואו איז רבקה? ווער האט דא בלומען געבראכט? איך הער א ריח פון בלומען...

אלחנן. קברים=ריח הערט זיך פון זיי! בלומען מיט קברים=ריח... אויפ'ן בית=עולם צווישען די קברים געוואקסען...

בעלא. זיידע בעשיץ מיך! ס'ווערט פינסטער ארום...

אלחנן. ס'ברעכט זיך אין מיין הארץ... אלץ ברעכט זיך דארטען... דער שטורם האט זיך אהין אריינגעריסען... ווער קלאפט עס אין מיינע ווענד?.. ווער קלאפט עס אין מיינע ווענד?!.. ווער קלאפט עס אין מיינע ווענד?!..

בעלא (טוליעט זיך צום אלטען אין שרעק). אט געהט ער... אט געהט ער... אט געהט ער... (ס'ווערט פינסטער. זיי בלייבען

בײדע שטעהן פעסט גענאַרעמט. ציטערן פון שרעק. הירב'ן אַפּע־
נעם פענסטער טראָגט זיך פון גאָרטען נחמיה'ס און רבקה'ס געזאַנג,
זײ זינגען אין צװײ שטימען):

עס שלאָגט פון בּאַרג אַ זילבּער קװאַל
פער—פלײצט דעם טאָל, פער—פלײצט דעם טאָל
פער—פלײצט דעם טאָל!

װעלטען שענע בּע—גראָבּט דער מענש
מיט זײ—נע הענד, מיט זײ—נע הענד,
מיט זײ—נע הענד!...

װילנא, אלול תרס״ו.

